יעקב בעלעק

# דער נביא פֿון דריטן חורבן

תל־אביב תשל״א 1971

הוצאת
י.ל. פרץ
ישראל

# JACOB BELEK

## DER NOVE FUN DRITN CHURBN
(The Prophet of the third disaster)

I. L. Peretz Publishing House
31 Allenby St. Tel-Aviv

יעקב בעלעק / דער נביא פון דריטן חורבן
פאַרלאַג י. ל. פרץ, רח' אלנבי 31, תל-אביב.





נדפס בישראל תשל"א
Printed in Israel

סידור: משה חמיאל הדפסה: דפוס "חבצלת", הרצליה, ישראל

**פאָלען,**
מיין טרייער לעבנס־באַגלייטערין.

„והסנה בוער באש
והסנה איננו אוכל...“
(שמות, ג׳)

# אַ פּרעמדער

אַ גרויער פּרימאָרגן האָט געשוועבט צווישן די בערג פון יהודה און אויפגעלייזט די נאַכט. גלייך זענען צעשוווּמען געוואָרן נעפּלען און דורך אַ שליאַבערדיקער בלויעכץ האָבן זיך אויסגעשיילט קאָנטורן פון אַ ישוב.

אַז די זון האָט דורכגעשפּיזט די בערג-שפּיצן האָבן שוין אַרויסגעשטאַרצט טורעמס, געצוואָגענע פון טוי, באַזיל-בערטע דעכער פון צעבייכיקטע קופּאָלן, און אַ צעקרימטער פעלדוועג, דורך וועלכן עס האָט פאַרבייגעשאָטנט אַ גע-שטאַלט פון אַ פרעמדן.

דאָס האָט אין שטילן פאַרטאָג זיך געשלייכט דניאל, דער אָפּגעזונדערטער, וועלכער לעבט זייט יאָרן אין התבודדות, טראָגנדיק זיך מיט עפּעס אַ פאַרבאָרגענער שליחות.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט צווישן ערשטע שטראַלן פון דער אויפגייענדיקער זון, און איינגעטונקען זיין בליק אויף אַ וועג, פון וואַנען עס האָבן אַהערגעבליקט אָפּגעזונדערטע הייזער, אַלטע פּאַלמעס און צעשניטענע ערד-פּאַסן, און גלייך זיך אָפּגעקערט צום שאָטן פון אַ פאַרלאָזענער חורבה, צעקנעפּלט זיינע בגדים, און איינגעאָטעמט ריינע מאָרגן-לופט.

ווען זיין אויסגעדאַרטער גוף איז אָנגעטרונקען געוואָרן מיט פרישקייט, האָט ער באַמערקט, ווי פון אַנטקעגן

לייטערט זיך אויס אַ שטאָט. ער האָט זיך אויפגעהויבן און גענומען שטעלן נישט זיכערע טריט. באַלד האָט זיין בליק זיך פאַרהאַלטן אויף אַ ווייטן פונקט און פון צעאַקערטן פנים האָט אַרויסגעפינקלט אַ פריידיקער בליק:

"אָ... ביסטו עס טאַקע די שטאָט, אויף וועלכער מען האָט געשווירן... אויב איך וועל דיך פאַרגעסן, ירושלים — זאָל מיין רעכטע האַנט פאַרגעסן ווערן!".

אָבער דער שטילער פרימאָרגן האָט נישט געענטפערט. אויך געשוויגן האָט דער צעפלאַמטער הימל, און די צע־גרינטע בערג־שפּיצן, וועלכע האָבן נאָך געווישט דעם פאַר־טאָגיקן טוי. און אויך אַפילו סטאַדעס פייגל, וועלכע זענען נידעריק געפלויגן.

פּלוצלונג זענען דניאלס צעפלאַמטע אויגן אָנגעפילט געוואָרן מיט טרערן און מיט באַגייסטערונג האָט ער אויס־גערופן:

— אָ! דאָס ביסטו... ירושלים! שטאָט פון אייביקן טרוים". — און מיט דביקות זיך פאַרגאַנגען אין אַ תפילה:

— זיי געלויבט אַלמעכטיקער פאָטער אין הימל, וועל־כער האָסט נאָך סכנהדיקע וועגן מיך דערפירט צו דער פאַרהייליקטער שטאָט!

דאָס קול פון דניאלן האָט זיך צעקלונגען מיט אַ ווייכ־קייט. ווערטער פון אַ געבעט האָבן אָפּגעשלאָגן אין פעלדזי־קע בערג און זיך צעפלויגן אין חלל.

דער ווייטערדיקער וועג האָט זיך שוין געשלענגלט צווישן גרינס, איינגעשניטן זיך צווישן איילבירטן און צי־

טרוס-ביימער, וועלכע האָבן אַנטקעגנגעטראָגן אַ ריח פון בליעכץ.

אָבער דניאל איז נאָך אַלץ נישט געווען זיכער: צי זאָל ער גיין אין שטאָט, אָדער ווייטער בלייבן אָפּגעזונדערט? אינסטינקטיוו האָבן אָבער זיינע פיס גענומען שטעלן איי-ליקע טריט. ער האָט זיך געהויבן איבער בערג, גענידערט אין טאָלן, ביז ער האָט אַ פאַרמאַטערטער, אויסגעשפּרייט זיין גוף אין שאָטן. און באַלד פאַרגאַנגען אין אַ זעונג:

״נאָר וואָס איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן. נע-פּלען זענען זיך צעגאַנגען צווישן די בערג פון יהודה, און דינע זון-שטראַלן האָבן געבראַכט אַ נייעם טאָג איבער ירושלים. — פאָטער אין הימל — האָט ער אויסגערופן — זיי געבענטשט אין דיין שטאָט!״.

גלייך האָט אַ פיבער צעפלאַמט זיין לייב. די נשמה האָט געציטערט, און דאָס האַרץ האָט זיך געבאָדן אין פרייד. אָבער גלייך האָט גענומען שווינדלען אין קאָפּ. ווידער האָבן אין זיין מוח אויפגעטויכט גרויליקע טעג:

ניין. ניין! — האָט ער זיך געווערט — שוין ווידער אין גהנום!

— ניין. ניין! — האָט ער זיך געווערט — שוין ווידער אין נע בערג, הויפנס פאַרברענטע גופים. אינסטינקטיוו האָט ער, ווי נישט מיט זיין קול גערופן:

״אָ, פאַרפייניקטע! שטייט אויף פון אייער שלאָף און לאָמיר אויפגיין צום באַרג פון גאָט״.

אָבער קיינער האָט נישט געענטפערט, אַפילו זיך נישט באַוועגט. בלויז אַ פוסטע שטילקייט האָט געיאָגט פון

אַרומיקע בערג. אַ ווײַלע איז ער נאָך געבליבן פאַרטראַכט און גלייך ווידער גענומען רופן אויפן קול:

— שטייט אויף איר, פון יסורים-געלייטערטע, ברידער מיינע, קומט אַרויס פון טאָלן... קריכט אַראָפּ פון בערג און לאָמיר אויפגיין צו דער אַלטער וואַנט.

שוין געווען ווייט אין טאָג, ווען דניאל האָט דערוואַכט פון דער פאַרגאַנגענהייט. אַ שטאַרקע זון האָט שוין געהאַט צעגליט די הימלען, ווען ער האָט גענומען שפּרייזן פּאָרויס, אינסטינקטיוו געשלעפּט זיין פאַרמאַטערטן קערפּער, און אַפילו נישט באַמערקט, אַז ער איז שוין אַריבערגעטראָטן די אַלטע טויערן פון דער הייליקער שטאָט, וועלכע וואַכן יאָרן טויזנטער אין טרויער.

און דאָך האָט דניאלן זיך נאָך אַלץ נישט געגלויבט, אַז ער, דער משולח, טרעט שוין טאַקע איבער די גאַסן פון באַנייטן ירושלים. ביז אויך ער איז מיטגעריסן געוואָרן צווישן אַ המון צעשטראַלטע מענער און פרויען, וועלכע האָבן אויסגעפּילט גאַסן און געסלעך פון דער באַנייטער שטאָט.

— פּאָטער אין הימל! — האָבן זיינע ליפּן געשעפּטשעט, דערזעענדיק די מאַסן פרומע און מאָדערנע יונגעלייט מיט זיידענע יאַרמולקעס, ישיבה-בחורים, מיליטער-לייט און טוריסטן.

וועלכער כוח האָט עס אונטערגעזאָגט די דאָזיקע מענער און פרויען איבערצולאָזן וואָכעדיקע טעג און אויפגיין צום באַרג, ווּ עס איז געשטאַנען גאָטס הויז?

ער איז שטיין געבליבן נעבן געדרייטע טרעפּ, דורך

וועלכע עס האָבן אַראָפּגענידערט צעשטראַלטע מענטשן, און האָט דערפילט ווי אַ שטורעם-ווינט רייסט זיך איבערן לייב און צעציטערט די אינגעווייִדן. אָבער באַלד שפּרייזט ער מיט צווישן אַ כוואַליע מענטשן, אָנגעצונדענע פון גאולה-עקסטאַז, וועלכע נידערן צו דער וואַנט.

און — דאָך האָט עפּעס געיאָגט פון דניאלן מיט אַ פּחד. — זאָל איך כאָטש נישט געשטרויכלט ווערן אין מיין שלי-חות... האָט ער געבעטן און גענומען זיך קלאַפּן מיט דער פויסט איבערן האַרץ: — חטאתי... עוויתי... פשעתי...

דער זאַמדיקער פּלאַץ אַרום דער מערב-וואַנט איז שנעל געוואָרן אויסגעפּולט מיט פרומע און מאָדערנע, מיט טו-ריסטן, קיבוצניקעס און זעלנער פון דער אַרמיי, פון וועל-כע אַ טייל זענען געוואָרן פּאַרזונקען אין תפילה, אויס-גיסנדיק דאָס האַרץ פאַר די אַלטע גראַניט-שטיינער.

די לופט איז דאָ שנעל געוואָרן אָנגעזאַפּט מיט תפילה און עקסטאַז. עס האָבן געשוועבט אָפּגעריסענע פּסוקים פון תהילים, אויסגעמישטע מיט דביקות און טרערן. אפשר דערפאַר האָט מען עס נישט באַמערקט דעם פרעמדן משולח, וועלכער איז ווי אַ צוגעשמידטער צום אָרט, פאַרזונקען גע-וואָרן אין אַנדערע וועלטן.

פאַר דניאלן האָבן זיך גאָר פונאַנדערגערוקט די אַלטע שטיינער, און פון הינטער דער חרובער מויער האָט זיך אַרויסגעהויבן דער בית-המקדש אין זיין אַמאָליקער פּראַכט.

אויפן זאַמדיקן פּלאַץ, צווישן די אַלטע חורבות, האָט פאַר דניאלן דערוואַכט אַ זומערדיקער פאַרטאָג. ער דער-זעט ווי עס טוישט זיך די משמרות אויף די וואַך-טורעמס

פון בית-המקדש. און עס קומען כהנים, אין ווייסן געקליי-
דעטע און נעמען זיך צום קרבן שחרית.

פֿאַר זיינע אויגן האָבן ווידער אויפגעלעבט אַמאָליקע געביידעס און פעסטונג-מויערן, געשניצטע טויערן, מאַר-מאָרנע זאַלן, אויסגעפילט מיט גאָלדענע כלים, קופערנע וואַש-טישן. ער דערפילט אַפילו אַ ריח פון קטורת.

אָבער ווען ער מאַכט אַ שריט פאָרויס, צעשווימען די חזיונות ווי נעפלען, און דניאל דערזעט, אַז ער געפינט זיך גאָר ביי דער איבערגעבליבענער וואַנט, אַן אַרומגערינגלטע צווישן חורבות.

אַ צעפיבערטער, האָט דניאל אַראָפּגעצויגן די שיך, און פאַרהילט זיין גוף אין אַ ברייטן טלית, איינגראָבנדיק זיין פנים צווישן די אַלטע שטיינער, האָט ער הויך אויפן קול געבענטשט דאָס פאַרהייליקטע אָרט, וועלכעס וואַרט שוין טויזנטער יאָרן אויפן צוריקקער פון די פאַרטריבענע.

# דער משולח

אַ בלוי-זוניקער פאַרטאָג האָט זיך אויסגעשפרייט איבער ירושלים. באַלד פון באַגינען האָט דער הימל זיך צעשטראַלט מיט אַ צעפלאָסענער זון, וועלכע האָט געשמאָלצן טורעמס, מויערן און באַשיידענע גאַסן, וואָס האָבן זיך אין יום-טוב באַצירט.

קוים אַוועק דער פרימאָרגן, און גלייך ווערן די גאַסן אויסגעפילט מיט שטראָמנדיקע מאַסן, וועלכע איילן צו דער אַלט-שטיינערנער וואַנט, כדי זיך צו טובלען אין איר שאָטן.

דער וועג צום כותל איז געווען פול מיט מענטשן, וועלכע האָבן אין וואָכעדיקע טעג אַרויפגעצויגן זיידענע יופּיצעס, פוטערנע שטריימלעך און טוכענע רעק, און איינגענורעט זייערע בליקן צווישן שטיינער-שפּאַלטן, איבערפולטע מיט תפילה, דביקות און טרערן.

אַפילו דער הימל גליט היינט מיט אַ צעקאָכטער זון, וועלכע אָטעמט מיט טראָפּישער לופט. פילן עס נישט די נאָך גאולה אויסגעבענקטע מענטשן, וועלכע קלאַמערן זיך אין דביקות?

און צווישן היץ און תפילה, האָבן אַ פּאָר חסידישע בחורים מיט קוים שפּראָצנדיקע בערדלעך אָנגעהויבן שירה

זינגען, און דער אַרומיקער עולם איז זיך פאַרגאַנגען אין קאָראָהאָד.

דרייט זיך אַ מאַסע אין זוניקן ראָד, ווו עס איז נישטאָ מער קיין יחידים — נאָר אַ מאַסע מענטשן, וועלכע האָבן דורך תפילה זיך געוויגט. פרום געקליידטע בחורים האָבן זיך פאַרפלאָכטן אין קראַנץ, און הינטער זיי — אַ צעפלאַמ-טע מאַסע. הדרת-פּנימדיקע בערד מישן זיך צווישן אָפּי-צירישע עפּאָלעטן; זעלנער — צווישן ישיבה-בחורים, ווע-מענס געפלעשלטע פּיאות באָמבלען זיך ווי אין שטורעם; צעשמייכלטע טוריסטן פלעכטן זיך מיט באַשטריימלטע חסידים. עס מישן זיך הענט, פיס און קערפּערס, וועלכע בויגן זיך עלאַסטיש צום טאַקט פון אַ ניגון, וועלכער צע-גייט זיך איבער די חורבות.

אַזוי שאָטנט זיך דער עולם אין אַ ראָד פון התלהבות, מענטשן פון אַלע וועלטן טובלען זיך אין דביקות און אָטעמען אַ לופט, וועלכע האָט פאַרטריבן וואָכעדיקע דא-גות און פאַרהילט זיי מיט דערהויבונג.

און ווען אַ צעשטראַלטע מאַסע האָט זיך געהאַט צע-וויגט אין טאַנץ, געשאָקלט זיך ווי ביימער אין שטורעם, האָט פלוצים זיך צעקלונגען אַ פעסטע שטים, וועלכע האָט צעשניטן די התלהבות און דאַן האָט מען באַמערקט אַ געשטאַלט פון אַ פרעמדן מאַן, וועלכער בליקט אַראָפּ פון הר הבית, און לאָזט הערן זיין שטים:

״צו דיר, בורא עולם, הויב איך אויף מיינע אויגן פול מיט כבוד און צער. צו דיר, גאָט, בין איך דאָ געקומען אַלס אַ שליח פון פאַרפייניקטע, וועלכע קענען מער אַליין נישט

בעטן און כאָטש דיין הויז ליגט נאָך אין חורבות, פילט זיך שוין דיין אָטעם פון אַלמעכטיקייט, אַלץ אַרום איז דאָ אָנגעזאַפּט מיט קדושה און כסדר ווערט דיין נאָמען געלויבט און פאַרהייליקט".

וואָס שטאַרקער דאָס קול פון דניאלן האָט זיך צעדונערט, האָט אַלץ גיכער זיך פאַרלאָשן דער עקסטאַז. מענטשן האָבן זיך אויסגעפלאָכטן פון ראָד און איינגעזאַפּט די ווערטער פון פרעמדן מאַן, וועלכער האָט ווי אַ שטורעם, צעטרייסלט די מאַסע באַזוכער און אַלץ אַרום פאַרענדערט.

ווי אַ נביא אויף דער שוועל פון דער גאולה האָט אויסגעזען דניאלס אַהערקומען מיט גאָטס וואָרט. ער האָט אַריבערגעצויגן אַ טלית איבערן קאָפּ, און אָנגעהויבן רעדן צום בורא עולם, ווי קיינער וואָלט דאָ מער נישט געווען.

"אַן אָנגעזאַפּטער מיט יסורים פון פאַרפייניקטע, קום איך אַהער, דאָ אויפן באַרג. ווו אַפילו אין שאָטן פון דיין קדושה, שטיקט נאָך אַלץ יענער רויך, וועלכער האָט פאַרלענדט מיליאָנען פון דיינע אויסדערוויילטע. אויך דאָ קלינגען נאָך אין די אויערן זייערע אומבאַהאָלפענע געשרייען..."

אָבער, צווישן, האָבן מענטשן אָנגעהויבן פרעגן:

"היתכן! ווער איז עס דער דאָזיקער מאַן?".

איידער וואָס, האָט דניאל זיך אַ ריס געטאָן פון באַרג און אַראָפּגענידערט צום כותל. ער האָט זיך דורכגעשטופּט דורך גרופּן מענטשן, פונקט ווי ער וואָלט קיינעם דאָ נישט באַמערקט. נישט אומקערנדיק זיין בליק אויף קיינעם. דערנענטערנדיק זיך צו דער וואַנט, האָט ער איינגעקלאַ-

מערט זיך אין די שטיינער, אָון פאַרגאַנגען אין אַ שטילער תפילה. אָבער באַלד, האָט ער אויסגעשפּרייט זיינע הענט הינטערן טלית, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי צעשפּרייטע פליגלען, און ווידער אָנגעהויבן רעדן צו גאָט:

״גאָט! האָסט ווידער דיינע קינדער פון אַלע וועלט־טיילן איינגעזאַמלט אויפן הייליקן באַרג, ווו עס איז גע־שטאַנען דיין הויז... אַזוי ווי זכריה הנביא האָט פאָרויס־געזאָגט: **עוד ישבו זקנים וזקנות ברחבי ירושלים.** די גאַסן און פּלעצער פון ירושלים זענען היינט ווידער אויסגעפולט מיט עולי־רגל פון נאָענטע און ווייטע ערטער, וועלכע פרייען זיך מיטן אָנהויב פון דער גאולה. ווידער זאַמלען זיך די קינדער פון ישראל אויפן הייליקן באַרג, נעבן דער איבער־געבליבענער וואַנט פון דעם הויז, זיי לויבן און בענטשן דיין נאָמען, און דאַנקען אויך די העלדישע באַפרייער פון דער פאַרהייליקטער שטאָט.

אָבער נישט גאַנץ איז די פרייד, פאָטער אין הימל! ווען אַ ווייטיק שוועבט אין דער לופטן, און טרויער בליקט פון מענטשן צוליבן ביטערן גזר־דין, וועלכער איז אויסגע־גאָסן געוואָרן אויף מיליאָנען פון דיין פאָלק, וועלכע גאָט אַליין און די וועלט, האָבן מפקיר געווען...״

די שטים פון פרעמדן מאַן האָט געשניטן די לופט אַזוי ווי אַ בת־קול פון אַנדערע וועלטן, אָון כאָטש מען האָט געזען אים, דעם משולח, ווי ער שטייט דאָ נעבן דער וואַנט און בעט, זענען אָבער זיינע ווערטער געקומען ווי פון גאָר ווייטע, פאַרהוילענע ערטער. טאַקע נישט קיין וווּנדער, וואָס

מענטשן זענען געבליבן דערשטוינטע פון זיינע רייד, וועלכע מען איז נישט געווינט געווען צו הערן.

ווען דניאל האָט זיך אומגעקערט צום עולם, האָט ער ווידער נישט אָפּגעשטעלט זיין בליק, נאָר שטום געגלאָצט ערגעץ ווייט. דאַן האָט אויף זיין פנים זיך אויסגעגאָסן אַ בלייכקייט. און אַ שוואַכקייט האָט אַרומגענומען זיין קערפער. זיינע לעפצן האָבן נישט אויפגעהערט זיך צו באַוועגן, אָבער קיין קלאַנג איז נישט געהערט געוואָרן.

„אַ שטראָף פון באַשעפער — האָט ווער אַ שעפטשע געטאָן, — ווייל מען טאָר אַזוי נישט רעדן, אַ שטראָף פון גאָט...״

און איידער מען האָט באַרויקט דעם מוסרניק, וועלכער האָט גלייך דערזען גאָטס שטראָף, האָט ווידער זיך דערהערט די שטים פון מאָדנעם שליח.

״ויצעקו אֶל ה׳״, זיי האָבן דיך גערופן... געבעטן און געשריגן, אָבער האָסט זיי, גאָט, נישט דערהערט. האָסט פאַרגעסן אין דעם פאָלק, וואָס האָט אין דער גרעסטער פיין, אין זייער גאָט נישט פאַרגעסן. אַפילו דאַן, ווען אַ וואָלקן-רויך האָט פון זייערע קערפערס געצויגן אין הימל, האָבן זיי זיך נאָך אַלץ אין דיר געקלאַמערט, גאָט פון ישראל״.

דער זומערדיקער טאָג האָט געשפּרייזט מיט אייליקע טריט. אַ היץ האָט געפּאַרעט. עס איז אַפילו נישט געווען ווו זיך צו באַשיצן. דאָך איז שווער געווען זיך אָפּצורייסן פון דאָזיקן משולח, וועלכער האָט ווי אַ נביא געבעטן, געשטראָפט און דערצונדן די מאַסע ביז עקסטאַז. אויף

מאַנכע האָט ער גאָר אָנגעוואָרפן אַ פחד, זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, איז עס אַן אָנזאָג אויף גאולה-שלימה, אָדער אפשר גאָר, חלילה, דעם שטנס האַנט...?

"מעג דען אַ ייד אַזוי רעדן? — האָט איינער מיט צאָרן געשריגן — ס'איז דאָך אַ זינד קעגן באַשעפער..."

אָבער דאָס רוב זענען אַזוי מיטגעריסן געוואָרן מיט דניאלס רייד, אַז מען איז גאָרנישט פעיק געווען צו טראַכטן, מען האָט נאָר געוואָלט וויסן פון וואַנען קומט ער? און ווו האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביזן באַווייזן זיך צווישן די מויערן פון ירושלים?

"עפעס אַ פאַרבלאָנדזשעטער צדיק" — האָט אַ פרום געקליידטער מאַן געפרווּווט ענטפערן.

"ער איז אַיינער פון די, אויף וועלכע ס'האַלט זיך די וועלט, ווייל אָן זיי וואָלט די וועלט נישט געהאַט קיין קיום..." — האָט אַ מאַן מיט אַ געשווירן בערדל גערעדט מיט אַ פעסטער שטים.

"יידן! דאָס איז אַ נסתר, אַ צדיק, וועלכער וועט אין איינעם פון די טעג אָנזאָגן עפעס אַ גרויסע בשורה". — האָבן ישיבה-בחורים גערעדט מיט אַ זיכערקייט.

דניאל איז געשטאַנען אַלץ אין אַ ווינקל ביי דער מויער, פאַרזונקען אין התבודדות, ווי ער וואָלט אַליין זיך דאָ געפונען אַנטקעגן בורא-עולם.

"ווייזט אויס, ער האָט חרטה אויף זיינע רייד..." — האָבן אַנדערע געפרווּווט טרעפן.

"ווי וואַגט עס דאָ אַ פשוטער בשר ודם, אַוועקשטעלן

זיך מיט טענות קעגן אַלמעכטיקן ?" — האָט ווער זיך גע-
וווּנדערט.

פלוצים האָט דניאל זיך אויסגעגלייכט, פונקט ווי ער
וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, און ווידער זיך געשטעלט
מיט די אויגן צום הימל...

"צו דיר, מלך מלכי המלכים, קום איך ווי אַ משולח
פון דאָרטן, ווּ אַ וועלט האָט זיך געטונקען אין נעפּל, אַ
פינצטערניש האָט אַרומגעכאַפּט די הימלען, און די ערד
האָט זיך געטונקען אין בלוט.

און כאָטש צעשטורעמט איז געוואָרן מיין לייב, און דאָס
האַרץ האָט געבלוטיקט האָב איך דאָך געזוכט דיך, גאָט.

אַ צעפּייניקטער בין איך דאָ געשטאַנען ביים אָפּגרונט,
געבליקט אין שאול-תחתיה, ווּ גאַטס אויסדערוויילטע זע-
נען פאַרצוקט געוואָרן. געזען ווי פייער-צונגען פון גיהנום
לעקן די לייבער פון פאַרפּייניקטע.

דאַן האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן צום הימל און
גערופן, ווּ ביסטו גאָט פון רחמים ? אָבער אַלץ אַרום האָט
זיך געטונקען אין נעפּל. די זון איז אַנטלאָפן ; די לבנה זיך
באַהאַלטן, און שטערן האָבן זיך געלאָשן פון שאַנדע ; נאָר
בלויז איך, אַ צעפּייניקטער ייד, האָב נישט געפונען קיין
אָרט.

"ממעמקים קראתיך ה'"... האָב איך פון די טיפענישן
גערופן צו דיר, גאָט ! פאָטער אין הימל, וועלכער האָט
באַשאַפן הימל און ערד, בערג, ימים און טייכן. "האָב דיך
געזוכט צווישן פאַרפינצטערטע הימלען אין פאַרהוילענעם
חלל, ביי ברעגן פון טייכן, ימים און אָקעאַנען. אַ פאַר-

צווייפלטער בין איך געלאָפן איבער וועגן און שטעגן און געזוכט דיך, גאָט פון גערעכטיקייט, וועלכער באַלוינט דעם צדיק און באַשטראָפט דעם רשע... אָבער ווער, ביים דאָזיקן אָפּגרונט, איז געווען צדיק, אָדער רשע — האָב איך נישט געוווּסט. זייט דעמאָלט, וואַנדער איך מיינע יאָרן אין שטילן צער, טראָג אַ שווייגן פון יסורים, ביז פון מיין נשמה האָט זיך אַרויסגעריסן אַ פּאַרוואָס? אויך אַ מענטש מעג אַ מאָל פאָדערן פון כביכול חשבון פאַר זיינע מעשים...

געווען אַמאָל אַ מאַן איוב, וועלכער איז באַפאַלן געוואָרן פון קרעץ, האָבן זיינע פריינד צעריסן די קליידער, געשיט ערד אויף די קעפּ און שרעקלעך געיאָמערט. און ווען מיליאָנען נאָענטסטע פון אונדזער לייב זענען צעשוווּמען געוואָרן צווישן רויך — דאַרף מען שווייגן?" — אַ ווייל איז דניאל שטיל געבליבן, און באַלד געענדערט דעם טאָן — "אָבער דאָ, אויפן באַרג, ווו אַלץ אַרום איז אָנגעזאַפּט מיט קדושה, ווי אויף יעדן שריט פילט זיך דיין אָטעם, און פון דער לופט שלאָגט אָפּ אַווידערקול פון... קדוש... קדוש... קדוש, ווער איך שוואַך און אונטערטעניק צו דיר, מלך מלכי המלכים, אין וועלכן איך האָב אָנגעהויבן גלויבן נאָך אַלס קינד און מער קיין מאָל נישט אויפגעהערט — יתגדל ויתקדש... שמיה רבה..." — האָט ער פּלוצים אָנגעהויבן בענטשן דעם אַלמעכטיקן. און דער פאַרזאַמלטער עולם האָט געענטפערט "אָמן".

נאָך דער דאָזיקער תפילה, איז דניאלן באַפאַלן אַ שוואַכקייט, אַז דער קאָפּ איז אים געוואָרן שווער, און דער קערפּער שליאַבעריק. פּאַמעלעך, האָט ער זיך צוגעשאַרט

צום פֿאַרשאָטנטן ווינקל לינקס ביים כותל. אַן עלטערער מאַן האָט אים צוגעטראָגן אַ גלאָז קאַלטע מילך. צו ערשט האָט ער אָפּגעזאָגט, אָבער ווען דער אַלטער מאַן איז נישט אָפּגעטראָטן, האָט ער גענומען עטלעכע זופּן, און באַלד אויסגעליידיקט דעם קאַלטן געטראַנק.

דערנאָך, ווען דער עולם האָט זיך אַנטשפּאַנט, האָט זיך דורכגעשטופּט אַ פרום-געקליידטער מאַן און מיט אַ צאָרנ-דיקער בייזקייט אויסגערופן:

„גלויבט אים נישט, יידן, ווייל ער רעדט קעגן גאָט און די, וועלכע רעדן קעגן אַלמעכטיקן — דאַרף מען פֿאַר-טרייבן ווי רשעים... וואָס שווייגט איר דאָ, יידן? פֿאַר-טרייבט אים פון דאַנען".

אומגעריכט האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל, אַ גערודער, אַ סך האָבן צוזאַמען גערעדט און געשריגן. ווען איינער איז אַרויסגעטראָטן קעגן דניאלן, איז באַלד אונטערגע-שפּרונגען אַ צווייטער און פֿאַרטיידיקט דעם משולח, כאָטש קיינער האָט אַפילו נישט געוווסט, ווער איז ער עס אַזעל-כער.

אין צווישן איז צוגעלאָפן אַ יונגערמאַן מיט אַ טעמבל אויפן קאָפּ און מיט אַ באַסאָווער שטים זיך געווענדט צו אימעצן, וועלכער האָט פריער געצאָרנט קעגן דניאלן:

„זאָלסט שוין בעטן סליחה ביים משולח! ווייל ווי וועט זיין צו דעם, וועלכער וועט באַליידיקן דעם צדיק. הערט, יידן! מיר דאַרפן זיין גליקלעך פֿאַר דער זכיה, וואָס ער איז מיט אונדז!"

ווען דניאל האָט זיך אָפּגערוקט פון פֿאַרשאָטנטן ווינקל,

איז ערשט געוואָרן שטיל. אָבער עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט גאַרנישט באַמערקט, אַז צוליב אים איז עס גע-קומען צו אַ גערודער. דער עולם האָט זיך ווידער צונויפ-גערוקט, און מיט נייגיר דערוואַרט, וואָס וועט ווייטער געשען.

איבערן פלאַץ ביים כותל האָט געוועלטיקט אַ צעברענ-טע זון, וואָס האָט זיך נישט באַהאַלטן און זיך נישט פאַרלאָשן ווי דעמאָלט, נאָר האָט געגליט און געפּאַרעט מיט שטעכיקע שטראַלן. אַ טריקעניש האָט אַרומגעזוימט די ליפּן ביי מענטשן, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט אָפּ-רייסן. אינסטינקטיוו האָט דער עולם זיך אַריינגעפלאָכטן אין אַ תפילה מיט אַזאַ התלהבות, אַז טרערן, געמישטע מיט שווייס-טראָפּנס האָבן באַדעקט די פּנימער.

דניאל האָט זיך אַוועקגעשטעלט מיטן פּנים צום אָרון-קודש, וואָס איז געשטאַנען נעבן כותל און געשעפּטשעט מיט שטילע ווערטער:

"האַר פון דער וועלט, אויפן דאָזיקן הייליקן אָרט, פון וואַנען די שכינה האָט זיך קיין מאָל נישט אָפּגעטאָן. פון דאָזיקן אָרט, צו וועלכן עס זענען געווענדט די אויגן פון צעזייטע און צעשפּרייטע קינדער; בעט איך דיך... באַ-ווייז דיין חסד, אַז דיינע קינדער זאָלן מער שוין נישט געפּרוּווט ווערן מיט פּיין און יסורים..."

איבערן פלאַץ איז דורך אַ שעפּטשעריי, און באַלד האָט מען אָנגעהויבן רעדן דרייסטער:

— יידן, די גאולה איז נאָענט. אַ נביא האָט זיך באַ-וויזן צווישן די מויערן פון ירושלים.

דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען שוין איבער ירושלים געשמועסט וועגן דעם פרעמדן משולח, וועלכער האָט ווי אַ נביא זיך באַוויזן צווישן די אַלטע מויערן.

אַ מענטש, דאַכט זיך, ווי אַלע, אָבער גאָטס גייסט רוט אויף אים. מעגלעך אַז דאָס זענען צייטן פון גאולה. — האָט מען זיך געוווּנטשן געהאָלפן צו ווערן.

צדיקים דרייען זיך איבער דער וועלט, און דאַרפן נתגלה ווערן — האָט מען געהאָפט אויף ווייטערדיקע ניסים.

"יידן, דער דאָזיקער משולח ברענגט מיט זיך אַ האָפנונג אויף ענדגילטיקער גאולה" — האָט איינער מיט אַ גרוי בערדל זיך צעשריגן.

"הלוואי, אָמן!" — האָבן מענטשן זיך יענעם אָוונט געוווּנטשן.

## איוב... דער צווייטער!

די בשורה וועגן אַ משולח, וועלכער האָט זיך באַוויזן ביים כותל, האָט זיך אויגנבליק פאַרשפרייט איבער שטעט, קיבוצים און ישובים.

נישט געווען קיין אָרט, וווּ מען זאָל שוין נישט האָבן געהערט וועגן פרעמדן משולח, וועלכער רעדט ווי אַ נביא, און טראָגט מיט זיך עפּעס אַ בשורה.

וועגן דאָזיקן מיסטישן מאַן, האָט מען גערעדט סיי צווישן אַרבעטער, וועלכע האָבן אין פרימאָרגנס געאיילט צו אַרבעט; סיי צווישן מתפללים אין שטיבלעך און בתי־מדרשים. טייל ישיבה-בחורים האָבן גאָר אויפגעהערט אַריינקלערן, וואָס אַמאָליקע תנאים האָבן געזאָגט, און גאָר געווענדט זייערע בליקן צום משולח, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ צערודערונג.

אָבער נישט באַשערט געווען זיך לאַנג צו פרייען מיט די דאָזיקע נייעס. ווייל באַלד האָט מען זיך אַרומגעקוקט, אַז דער משולח איז גאָר פאַרשוווּנדן, און מען ווייסט נישט, וווּ ער געפינט זיך.

דאָס האָט נאָך מער פאַרגרעסערט די נייגעריקייט ביי מענטשן און באַזוכערס, וועלכע זענען יענע טעג געקומען קיין ירושלים מיט אַ האָפנונג אויך צו באַגעגענען דעם

מאָדנעם משולח, און אויפכאַפּן עפּעס פון זיינע רייד, האָבן צום סוף גאָר אַנטוישטע פאַרלאָזט די שטאָט.

*

זענען געקומען הייסע חדשים, ווען דאָס ישראל-לאַנד טונקט זיך אין גרינס, און גאָלדיקט זיך אין צעגאָסענע זון-שטראַלן. ירושלים איז געוואָרן אויסגעפולט מיט באַזוכערס און טוריסטן פון פאַרשיידענע וועלט-טיילן, וועלכע האָבן איינגעאָטעמט דעם ווידערגעבורט פון גאָטס-שטאָט, וועלכע האָט דערוואַכט צו אַ ניי לעבן.

איינצלנע און גרופּנווייז, האָבן זיי נייגעריקע געשפּרייזט מיט פּאַמעלעכע שריט, ווי זיי וואָלטן געציילט די שטיינער, אויף וועלכע זיי טרעטן, מען האָט באַטראַכט היסטאָרישע פלעצער, פּאַראייביקטע אין תנ״ך. צווישן אַנדערן האָבן זיי אָבער אויך נישט אויסבאַהאַלטן די נייגעריקייט, צו באַגעגענען דעם מיסטישן משולח, וועגן וועלכן זיי האָבן שוין געהאַט געהערט.

איבער דער שטאָט האָבן זיך דערווייל פאַרשפּרייט נישט געשטויגענע מעשיות, באשר מען האָט געזען דניאלן שלעפּן פּעק ביים תחנה-מרכזית. אַנדערע האָבן גאָר דערציילט, דאָס ער באַהאַלט זיך אויס אין שטילע ערטער, ווו מען ווייס נאָך נישט וועגן אים, ווייל ער וויל לעבן אָפּגעזונדערט, ביז עס וועט קומען זיין צייט צו נגלה ווערן.

טייל מענטשן האָבן זיך דווקא שטאַרק איבערגענומען מיט דניאלס פאַרשווינדן: ״הייסט עס, אַז מיר זענען נישט

ראוי דערצו..." מאַנכע האָבן אַפּילו איבערגעלאָזן זייערע טעגלעכע עסקים, און צוזאַמען מיט אַ טייל ישיבה-בחורים, וועלכע האָבן שטיין געלאָזן דאָס לערנען, זיך פאַרנומען איבער אַלטע און נייע ערטער פון ירושלים און געזוכט דניאלן איבער חורבות, בתי-מדרשים און אַנדערע הייליקע פלעצער, ווו ער פלעגט אָפּריכטן חצות.

ירושלים האָט געררוישט מיט לעבן, געשיינט מיט דער-הויבענעם שטאָלץ... פרעמדע האָבן טאַקע באַוווּנדערט, ווי אַזוי געפייניקטע און געררודפטע יידן, וועלכע האָבן אַזוי פיל דורות איינגעזאַפּט אין זיך יסורימדיקע פיין... שניידן איצט פרוכטן פון דער גאולה... ווען נישט דאָס, וואָס מענטשן זענען געווען פאַרטאָן אין האַנדל, וואָלט מען געמיינט, אַז אַ יום-טוב איז היינט אין דער באַפרייטער שטאָט, און כאָטש עס האָט געפאַרעט אַ לופט, אַז די שטיינער האָבן געבריט, איז דער געדראַנג דערפון נישט קלענער געוואָרן.

אַזוי זענען אַוועק טעג און וואָכן. יעדן טאָג זענען ווידער געקומען מענער און פרויען, סטודענטן, קיבוצניקעס און אויסלענדער, ישיבה-בחורים און מיליטער-לייט, וועלכע פלעגן זיך צעפלייצן איבער גאַסן, באַזוכן היסטאָרישע פלע-צער און ניי-אויסגעבויטע אַנשטאַלטן.

אינסטינקטיוו האָט מען זיך פאַרקערעוועט אין אַזעל-כע שמאָל-געדרייטע געסלעך מיט פאַרטונקלטע מאַרקן, ווו די לופט שטיקט פון געררויכערטע פליישן און אָפּפאַל פון אייזלען.

באַלד לויפן אָן אַראַבישע יינגלעך און מיט נישט געוואַ-שענע הענט שטופן זיי די פרעמדע באַזוכערס מעדאַליאָנען

און בלייפעדערס, ראַזיר-מעסערלעך און הייליקע בילדער. עלטערע גלאָצן סתם מיט אַ שמייכל. שפּילן ווייטער ביינד-לעך און רויכערן נאַרגילעס.

אָבער ווען פון די באַזוכערס ווילט זיך דען פאַר-האַלטן ביי די שפּילצייגן? ווען דער טאָג האַלט שוין ביים ענדע. אַ רויטע זון נידערט האַסטיק אַראָפּ צווישן ווייטע בערג, און מען איילט זיך נאָך צום כותל מערבי.

ווערט טאַקע פאַרנאַכט ווידער אויסגעפּולט דער פּלאַץ, דורך מאַסן טוריסטן און מתפּללים, וועלכע האָבן בעת דער שקיעה פון דער זון, ערשט פריי אָפּגעאָטעמט נאָך דער גרויסער היץ.

דאַן ווערט מען אָבער ווידער צעוואַרעמט, נישט אַזוי פון דער היץ, ווי פון דער מיסטישער אַטמאָספער, וועלכע הערשט אויפן פּלאַץ. מען דערפילט ווי שטראָמען דערהוי-בענע קדושה, וואָלטן אַראָפּגענידערט פון פאַרהוילענע הימלען, און זיך באַזעצט צווישן די אַלטע גראַניט-שטיינער, אויסטוענדיק די מענטשן פון וואָכעדיקייט.

און ווען דער בין-השמשות האָט געהאַט אַרומגעהילט אַ מאַסע מענטשן נעבן דער אַלטער וואַנט, האָט אומגע-ריכט זיך צעקלונגען אַ שטימע, וועלכע האָט ווי אַ בת-קול פון הימל צעשניטן די לופט.

„אָ, דער משולח...” — האָט איינער דעם צווייטן איבער-געגעבן, אָנווייזנדיק אויף אַ הויכן, אויסגעדאַרטן מאַן, וועמענס פייערדיקער בליק האָט אַראָפּגעשפּיזט פון הר-הבית.

„יברכך ה׳ מציון” — האָט זיך באַלד צעהילכט די שטים פון משולח, וועלכער האָט נאָך פאַרשווונדענע וואָכן זיך

באַוויזן אַזוי אומגעריכט, פונקט ווי ער איז געהאַט פאַר־שווונדן. פון זיין פנים האָט געלויכטן מיט אַ דערהויבנקייט, און פון מויל האָבן געשפּראָצט מאָדנע רייד:

״קינדער פון דיין פאָלק, וועמענס עלטערן זענען פאַר־שניטן און געבערענט געוואָרן אין קאַלך־אויוונס, וואָס זע־נען דערשטיקט געוואָרן אין גאַזן און לעבעדיקערהייט גע־וואָרפן געוואָרן אין מויל פון מלאך־המות — רינגלען היינט ווידער אַרום, מיט אַ פריידיקער קדושה, דאָס חרובע אָרט, וואָס מאַכט דיך, גאָט, גרויס אין די אויגן פון פעלקער...

ווידער גייט־אויף דאָס פאָלק ישראל צו זייער גאָט. אַפילו פון ווייטע לענדער ציען זיי אין דער הייליקער שטאָט, כדי זיך צו וואַרעמען ביים פלאַם פון גאולה, וועלכע גייט אויף פאַר ישראל״.

אויפן צעשפּרייטן פלאַץ אַרום דער וואַנט זענען גע־שטאַנען מענטשן, וועלכע זענען געוואָרן צעפלאַמטע פון רייד, וועלכע האָבן זיי אויסגעטאָן פון אַנדערע זאָרגן. זיי האָבן אַפילו נישט באַמערקט, ווי ראַפּטעם לאָזט זיך אַראָפּ די נאַכט איבער ירושלים. פרעמדע מענטשן האָבן זיך דער־נענטערט איינער צום אַנדערן, און געווענדט זייערע בליקן צו דניאלן דעם משולח, פון וועמען עס איז געקומען דאָס דערהויבענע וואָרט.

״אַ משולח פון דער פאַרהוילנקייט״ — איז געפאַלן אַ וואָרט.

״יידן! עס שטייען פאָר גרויסע טעג״ — האָט ווער אונטערגעהאַלטן.

אָבער באַלד האָט ווער מיט צאָרן געשריגן:

״געדענקט! ער איז די האַנט פון שטן... אַרויסצוטרעטן אויפן הייליקן באַרג קעגן גאָט און זיין משפט... געדענקט, אַז מיט זיינע גוטע רייד וויל ער אייך אַראָפּפירן פון דרך-הישר. עס זענען דאָ מענטשן וועלכע האָבן שוין געהערט אים רעדן קעגן באַשעפער... זעט איר דען נישט, אַז ס׳ברענט, ווי אַ שריפה כאַפּט אַרום דאָס הויז פון יעקבן...״

״אַ גאָט-לעסטערער איז ער״ — האָט אַ גראָבע שטים אונטערגעהאַלטן.

״שווייג, חוצפּהניק! ווי וואַגט עס אַ ייד אַזוי צו רעדן וועגן אַ הייליקן. זינדיקסט, מענטש...״ — האָט אַ ישיבה-בחור זיך צעהיצט.

״אַ שווינדלער איז ער...״ — האָט אַ יונגערמאַן אין אַ בערעט צוגעשמייכלט.

״יעדנפאַלס נישט קיין פּשוטער בשר ודם!״ — האָט אַ ייד אין ברילן געוואָלט באַרויקן די צעהיצטע געמיטער.

״אַזוי צו רעדן קעגן אַלמעכטיקן, האָט זיך נאָך קיי-נער נישט דערלויבט... אַזעלכע רייד ברענגען צו חורבן און נישט צו גאולה...״ — האָט ווער געוואָרנט.

״דאָך מוז מען אים גלויבן״ — האָט זיך דערהערט אַ באַסאָווע שטים פון אַן עלטערן מאַן.

״פילט איר דען נישט, פריינד, אַז פון אים שפּרודלט אַ געהיימע קראַפט, אַז דורך זיין ברוסט הערט זיך אַ שטים פון דער אַלמעכטיקייט. אַ גרויסע זכיה האָבן מיר יידן, טאַקע אַ זכיה״.

בעת דעם וויכוח, איז דניאל גאָר געשטאַנען מיט אַ פּאָר צעעפנטע אויגן צום הימל, אַז מען האָט נישט געקענט

וויסן: צי הערט ער די רייד, וועלכע זענען דאָ געזאָגט גע-
וואָרן, אָדער מאַכט ער זיך נישט הערן?

"אַ נביא איז ער... גאָטס אַ שליח צו אונדזער דור..."
— האָט אַ יונגערמאַן גערעדט מיט התפעלות — "אַפילו
זיינע ווערטער שניידן ווי שפּיזן. אָבער ער מעג, ווייל ער
טראָגט אין זיך יסורים פון פאַרפייניקטע. אַזעלכער מעג
אַפילו קומען מיט פאָרוווּרפן קעגן כביכול... ער מעג!"

דערווייל האָבן אַ טייל זיך געשטעלט דאַוונען מעריב,
און אַנדערע האָבן געזאָגט תהילים בציבור.

ערשט ווען פון ווייטע בערג האָט אָפּגעשלאָגן אַ גע-
דיכטע פינצטערניש, האָט דער עולם זיך גענומען פונאַנדער-
גיין... דעמאָלט האָט דניאל ערשט זיך אויסגערוקט, ווי
נאָך שמונה-עשרה, צוזאַמענגעלייגט דעם טלית און גענומען
גיין פאָרויס.

אָבער גלייך האָבן מענטשן אַרום אים זיך צונויפגע-
רוקט, אַז דניאל האָט קוים געקענט אַ פוס שטעלן. דאַן איז
צוגעשפּרונגען עפּעס אַ יונגערמאַן, און מיט אַ ציטעריק קול
זיך געווענדט:

"זייט מוחל... צדיק... ווייל מיך האָבן די בחורים אויס-
געקליבן אייך צו פרעגן, פון וואַנען איר קומט, רבי?"

דניאל האָט געמאַכט אַ טריט הינטערווייַלעכץ... אַ
פאַרטראָגענער אין זיינע וועלטן, האָט ער גאָר זיך נישט
געריכט אויף אַזעלכעס.

דאָך האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן אויפן בחור און
אים דורכגעשפּיזט מיט אַ סודותפולן בליק:

"פון וואַנען פרעגסטו... געדענק איך דען פון וואַנען?...

איך ווייס נאָר אַז פון גאָר ווייטע ערטער קום איך. פון דאָרטן, ווו וועלטן גרענעצן זיך, און זיי, האָבן עס מיך אַהער געשיקט..."

"אַ משוגענער! רעדט זיך איין, אַז ער איז באַאויפטראָגט צו טראָגן נביאות" — האָט ווער פון דער פינצטער זיך צערעדט.

אַ פּאָר יונגעלייט האָבן זיך דערווייל אַרומגעשטעלט נעבן דניאלן, עס זאָל אים, חלילה, קיין שלעכטס נישט גע-שען און ווידער אים נישט אָפּגעלאָזן מיט פראַגן:

"ווי רופט מען אייך, רבי?".

דער משולח האָט זיך געפונען אין אַ מאָדנער אַרום-רינגלונג און מער נישט געקענט שטעלן קיין טריט. דאָך האָט ער זיך דורכגעשטופּט, און ערשט האַרט ביים אַרויס-גאַנג פון פלאַץ, האָט ער צוגעוואָרפן:

"איוב!".

מענטשן האָבן זיך צעלאַכט אויפן קול, מיינענדיק, אַז דער משולח האָט סתם אַזוי געזאָגט... אָבער אַנדערע זענען דווקא געבליבן אין פאַרלעגנהייט. גאָר איוב? — מיינט ער עס ערנסט... אָדער חוזקט ער?

"רבי! מיר האָבן דאָך שוין אַמאָל געהאַט אַן איוב!" — האָט אַ יונגער בחור אים נישט אָפּגעלאָזט.

"וועט זיין, איוב דער... צווייטער" — האָט עמעץ מיט אַ גמרא-ניגון געפסקנט.

"אמת! זאָל זיין!" — האָט דער עולם איינגעשטימט און מער שוין נישט געפרעגט קיין שאלות.

ביים כותל איז געוואָרן שטיל. דער הימל האָט זיך דערווייל פאַרצויגן מיט וואָלקנס, און פון די בערג האָט געבלאָזן אַ ווינט. דאָך האָבן מענטשן זיך נישט געאײַלט, נאָר מיט פאַמעלעכע טריט נאָכגעפאָלגט דעם משולח, וועלכער האָט אַן איינזאַמער גענידערט צום זאַמדיקן שיפּוע-וועג, וועלכער פירט צו יענער זייט קדרון.

## ווער ביסטו?

אויף די גאַסן פון ירושלים איז געוואָרן שטיל און ליידיק. אַ נאַכטיקער הימל פאַרהילט אין וואָלקנס האָט, ווי אַ דעק, זיך פאַרצויגן איבער דער שטאָט, ווו ערשט פאַרנאַכט האָט נאָך דאָ געררוישט מיט מענטשן, אָרטיקע און געקומענע פון שטעט, ישובים און מיט טוריסטן פון ווייטע לענדער.

ווי לאַנג דען, ווי עס האָט דאָ געברויזט מיט אַ רעש פון מענטשן, וועלכע האָבן זיך אומגעקערט פון אַרבעט, פון ביוראָען, בענק און שולן; די גאַסן זענען געווען פול מיט שפּאַצירערס און דורכגייערס, וועלכע האָבן באַטראַכט וויטרינעס מיט אויסגעלייגטע סחורות פון קליידער, ביכער און מתנות.

גאָר נישט לאַנג, ווי פרומע יידן האָבן איבערגעלאָזט געשעפט און געלאָפן צו מנחה, און ביז צו מעריב, דערווייל אַריינגעכאַפּט אַ בלאַט משניות.

איצט ליגן די ירושלימער גאַסן שטיל און ליידיק. דאָ און דאָרטן וואַלגערן זיך נאָך אָפּפאַלן פון פּאַפּירן, פון פּירות און ציגאַרעטן, איבערבלייבעכצן פון טאָג.

פון זייטיקן געסל, וועלכעס ליגט אין אַ ווינקל, שלייכט זיך אַרויס עפּעס אַ פאַרשפּעטיקט פּאָרל, גייען פעסט אַרומ-

גענומען, ווי זיי וואָלטן זיין אַליין אויף דער וועלט — הימל, ערד און זיי... און באַמערקן אַפילו נישט דעם משולח דניאל, וועלכער שפּרייזט זיי אַנטקעגן פּאַרזונקען אין דמיונות, אַזוי ווי ער וואָלט גאָרנישט געלעבט אין דער דאָזיקער וועלט.

אַזוי שפּרייזט דניאל איבער פאַרשטילטע גאַסן, וועלכע אָטעמען מיט נאַכטיקער רו, ביז ער קומט צו אַלטע אָפּ-געלאָזענע געסלעך, וועלכע ליגן, ווי אַ שוועל צווישן חורבן און גאולה, צווישן ניי-מאָדערנע און צוריקגעשטאַנענע גאַסן, וואָס דערמאָנען אַ טרויעריקן נעכטן. פּלוצלונג באַ-מערקט ער, ווי דורך פאַרמאַכטע לאָדנס רייסט זיך אַרויס אַ שיין און באַלד קלינגט אָפּ אַ ניגון פון דער שטילקייט...

״אני מאמין באמונה שלימה בביאת המשיח...״

בלייבט דניאל שטיין און זאַפּט איין די שירה, וואָס אַ מענטש זינגט צום באַשעפער. ער דערזעט דערין אַ צייכן פון דער גאולה, וואָס שפּאַרט אַרויס פון מענטשלעכע הערצער, פון גאַסן, פון די אַלטע מויערן, וועלכע לעבן ווידער אויף צו גאולה שלימה. און מיט דעם דאָזיקן ניגון האָט ער יענעם אָוונט זיך מער נישט געשיידט, ביז ער האָט אַ פאַרמאַטערטער, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיינערנער באַנק, נעבן אַ ליידיקער חורבה, און מיטן בליק דורכגע-שפּיזט די געדיכטע פינצטערקייט, וועלכע האָט געשאָטנט פון די בערג.

פּלוצלונג האָבן פאַר דניאלס אויגן זיך אַרויסגעצויגן הויכע ביימער מיט צעגרינטע צווייגן, און בליקן צו אים מיט אויגן, ווי לעבעדיקע וועזנס.

„גאָט אין הימל... איז עס חלום, אָדער וואָר ?" — פרעגט דניאל.

און באַלד קלינגט אָפּ אַ קול פון חלל :

„ווער ביסטו ?".

כאָטש דניאל איז געווען ווייט פון פחד, דאָך איז ער געבליבן צעטומלט. כאָטש אייגנטלעך, וואָס האָט ער דען מורא ? שוין אַ סך מאָל זיך געפונען צווישן חלום און וואָר, אַפילו אויף דער גרענעץ צווישן לעבן און טויט, און קיין מאָל נישט געהאַט דאָס געפיל פון פחד.

און דאָך האָט ער איצט דערפילט אַן אינערלעכן ציטער... „ווער בין איך ? איך ?".

„איך געדענק אַליין נישט". — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט — „איך ווייס נישט, פאַר וואָס האָט עס גאָט אויסגעמעקט פון מיין זכרון ?".

שפּעטער, ווען דניאל האָט ווידער פאַרמאַכט די אויגן, האָבן זיך אויפסניי אַרויסגעהויבןביימער, הויכע, אָבער נישט מיט קיין צעגרינטע צווייגן, ווי פריער, נאָר פאַרטריקנט-אויסגעדאַרטע, מיט אָפּגעהאַקטע צווייגן, פון וועלכע עס הענגען אַראָפּ בלוט-טראָפּנס...

„גרויסער גאָט ! איז עס דען מעגלעך ?" — בליקט דניאל מיט פאַרשטיינערטע אויגן אויף די מאָדנע בערג, אויף די ביימער מיט אָפּגעהאַקטע צווייגן, און אים דאַכט זיך, אַז פון די בערג הייבט זיך אַ לעבן. אַ לעבן גאָר פון טויטע בערג ? און ער געדענקט דאָך, אַז ער געפינט זיך אין באַפרייטן ירושלים... טאָ ווי אַזוי געשעט עס און גלייך שווימען אויף אין דניאלס זכרון די רייד פון יחזקאל :

"וראיתי. והנה עליהם גידים, ובשר עלה. ויקרם עליהם עור מלמעלה... טויטע ביינער פון גריבער האָבן זיך אָנגעטאָן מיט אָדערן און פלייש, און אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ הויט..."

דניאל האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט און אויסגעגלייכט. זיך געוואָלט איבערצייגן: איז ער וואַך, אָדער חלומט ער?

"טויטע זאָלן זיך אַרויסהייבן?" — האָט ער אַליין זיך איבערגעפרעגט. און ווידער האָט אָפּגעקלונגען אַ קול, ווי פון חלל:

"מענטש, ווער ביסטו?".

דניאל האָט זיך שוין קוים געהאַלטן אויף זיינע פיס. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין, און פאַר זיינע אויגן האָט זיך פאַרמישט חלום מיט וואָר, טאָג און נאַכט, ליכט מיט שוואַרצקייט. דער קאָפּ האָט געשווינדלט און דאָס האַרץ האָט געצאַפּלט מיט פיבער.

"איז טאַקע מעגלעך?" — פרעגט ער ווידער. און גלייך האָט פון זיין מוח אָנגעהויבן אַרויסנעפּלען יענער לעצטער פאַרמיטאָג אין אַלטן בית-מדרש פון היימישן שטעטל.

דניאל דערמאָנט זיך, ווי אויף לאַנגע טישן זענען געלעגן אָנגעוואָרפן ספרים, גמרות, מדרשים, משניות... צעעפנטע ספרים, אַרום וועלכע עס זענען געזעסן בחורים און אויך מיטליעריקע יידן, וועלכע האָבן עוסק געווען אין לערנען, געטרונקען פון אַ ברויזנדיקן תורה-קוואַל, כאָטש אַ ביסל ווייטער, אין דער נאָענטער גרענעץ-שטאָט, האָט שוין געברויזט מיט מלחמה. דער אָנהויב פון דריטן חורבן

האָט שוין אַריינגעבליקט אין יידישע הייזער פון איינגע-זעסענע ישובים.

אָבער דאָ, אין אַלטן בית-המדרש פון קליינעם שטעטל ביי דער ווייסל, האָט מען נאָך געהאַלטן ביי מסכת... זבחים! יידן האָבן נאָך געלערנט מיט התמדה און געהאָפּט, אַז ער, „אויבן", וועט זיכער העלפן.

דניאל דערמאָנט זיך יענעם דאָנערשטיק: פון הימל האָט אַריינגעשיינט אַ צעהעלטע זון, און דורכן פענצטער פון בית-המדרש האָט מען באַמערקט, ווי פרויען האָבן גע-שלעפּט קוישן מיט שבת-איינקויף; אַנדערע, האָבן געטראָגן בלעכן מיט פאַרקנעטענע חלות צום בעקער אויפן מאַרק-פּלאַץ. אַ כאָפּטע חדר-יינגלעך האָט פריילעך זיך אַרויסגע-לאָזט פון אשר דעם מלמד. באַלד איז דער מאַרק פול גע-וואָרן מיטן געשריי פון יונגע יינגלעך, וועלכע האָבן גאָר-נישט פאָרגעפילט, וואָס פאַר אַ טעג עס קומען אָן.

דעם זעלבן פאַרנאַכט האָבן זיי זיך טאַקע באַוויזן. עס האָט אויסגעזען ווי אַ צעשטורעמטער ים וואָלט דורכגע-ריסן פאַרצוימונגען און פאַרפלייצט גאַנצע ישובים.

ווי טיגערס אין זעלנערישע מונדירן, זענען זיי מיט טייוולאָנישע געוואַלדן אַריין אין הייליקן הויז, פּונקט ווען דניאל האָט פאַרענטפערט אַ שווערע סוגיה.

בלויז דורך געציילטע מינוטן האָט זיך דאָ אַלץ פאַר-ענדערט. עס איז איבערגעריסן געוואָרן דער קול פון תורה און פאַרמישט לעבן מיט חורבן, מענטשן מיט בלוט, צע-פייניקט גופים און געשענדעטע הייליקייטן.

אין מוח פון דניאלן שווימען ווידער אויף גרויליקע

בילדער, וועלכע זענען געלעגן באַהאַלטן צווישן זיינע מוח-פאַלדן צענדליקער יאָרן.

איצט, אין אַ פאַרוואָלקנטער ירושלימער נאַכט, טויכן ווידער אויף יענע סאָלדאַטן און אָפיצירן, וועלכע האָבן מיט ווילדער הנאה געפייניקט, געמאָרדעט און פאַראומריייניקט דאָס הייליקע הויז. מיט טייוולאָנישער הנאה זענען זיי געלאָפן צו דער מזרח-וואַנט, צעבראָכן דעם אָרון-קודש, אַרויסגעוואָרפן די ספרים און צעוויקלט די יריעות אויפן דיל, וואָס איז שוין געווען פאַרשמירט מיט בלוט, און גע-צווונגען די צעשלאָגענע יידן מיט שמוציקע פיס צו טרעטן איבער יריעות, ווי אויף טעפּיכער.

איצט לעבט ווידער דניאל איבער יענע פּיין. דערמאָנט זיך ווען ער האָט אַ צעשלאָגענער שוין מיט די לעצטע כוחות זיך צוגעשאַרט צום אָרט, ווו עס זענען געלעגן גע-שענדעטע יריעות און גענומען זיי פאַרוויקלען.

אָבער גלייך האָט ער דערפילט אַ זעץ אין פּנים. פון מויל האָט גענומען רינען בלוט. אַ דיקער אָפיציר האָט אים געשלעפּט אין פּאָליש, וועלכער איז געווען אויסגעפּולט מיט אַ מאַסע צעשלאָגענע יידן. ער האָט אויסגעטאָן דניאלן ביז די אונטערוועש, און מיט זיינע פאַרפעצטע הענט גע-נומען וויקלען די יריעות אַרום דניאלס קערפּער.

דניאל דערמאָנט זיך, ווי דורך פאַרמאַכטע שויבן פון פּאָגראָמירטן בית-המדרש, האָט פּונקט, ווי אַנדערע טעג, צו מנחה-מעריב, אַריינגעבליקט אַ פאַרנאַכטיקער הימל. אָבער דאָס מאָל, עפּעס אַן איבערגעשראָקענער. באַלד האָבן זיך אַרויסגעריסן פייערצונגען, וועלכע האָבן טייוולאָניש

זיך צעלויכטן און צעצונדן די ווענט, טישן און בענק. אָט פלאַקערט דער אָרון-קודש, ווענט מיט ספרים, אַפילו דער דיל, אויף וועלכן מענטשן אין יסורים האָבן מיט זייערע לעצטע כוחות שוין געבעטן און גערופן צום גאָט פון ישראל, האָבן אויסגעוויינט אַ ווידוי מיט יאָמערלעכע טענער. דניאל דערמאָנט זיך איצט, ווי ער האָט מיט זיינע לעצטע כוחות געשעפטשעט:

"נעם מיך גאָט אַרונטער אונטער דיינע פליגלען. זאָלן כאָטש מיינע יסורים ווערן די אויסלייזונג פאַרן גאַנצן פאָלק. זאָלן די פלאַמען אויף מיין קערפער איינזאַפן די פיין און ליידן פון מיינע ברידער..."

אָבער ניין, גאָט האָט נישט פאַרנומען זיין תפילה, ווייל שנעל האָבן זיך די פייערצונגען פאַרצויגן איבערן גאַנצן בית-המדרש. עס האָבן געברענט ווענט, סידורים, משניות, אויך דער אָרון-קודש מיטן עמוד, איבער וועלכן עס האָט גע-האָנגען אַ געקינסטלטער "שיוויתי ה' לנגדי תמיד..." און פון אַלע זייטן האָט דער ווינט געריסן די פייערצונגען, און אויפן רוקן פון טייוולאָנים, איבערגעפירט די אומשולדיקע נשמות צו די הימלען. בלויז ער, דניאל, האָט נישט געהאַט דעם זכות איבערצוגעבן זיין נשמה צו גאָט.

דאָ, אין זעלבן בית-המדרש, ווו ערשט מיט אַ טאָג פריער האָבן נאָך מענטשן געלערנט תורה, האָט איצט גע-פלאַקערט אַ גיהנום. האָבן זיך געסמאַליעט קערפערס פון מענער, פרויען און קינדער.

דניאל לעבט דאָ נאָך אַ מאָל איבער יענעם שוידער, ווען יריעות האָבן געפלאַקערט אויף זיין לייב. עס האָבן

געטאַנצט צעהעלטע פלאַמען, אָבער זיי זענען עפּעס נישט דערגאַנגען צו זיין לייב. ער געדענקט, ווי צעפלאַמטע אותיות האָבן געזילבערט מיט טרערן, און צעפלאַמטע זיך אָפּגעשיידט פון די יריעות. דערנאָך זענען זיי געפלויגן פון וואַנט צו וואַנט, געשוועבט איבער די קעפּ פון קדושים, זיי האָבן געגלעט דעם צער און געווישט ווונדן פון צעפייניקטע קערפּערס, ביז די אותיות זענען זיך צעפלויגן אין חלל.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען די פלאַמען האָבן זיך געלאָשן, האָט דניאל ערשט דערפילט, אַז ער, בלויז איינער, האָט זיך באַוועגט צווישן בערג פאַרקוילטע מתים און דאַן האָט ער זיך געווענדט צום אַלמעכטיקן:

״ממעמקים קראתיך ה׳״, פון גרויליקע טיפענישן רוף איך צו דיר, גאָט! כאָטש איך ווייס דאָך נישט, איך לעב, אָדער שוועב גאָר אין אַנדערע וועלטן. איך זע נאָר ווי איבער מיר האָט אַ הימל זיך געבאָדן אין טויט-אַנגסטן. אַ גרוי-געדעמפטע לופט האָט געכוואַליעוועט, אַזוי ווי צע-שטורעמטע אָקעאַנען, און פון אַלע זייטן האָבן געצויגן זיילן רויך, וועלכע האָבן אונטערגעצונדן די וועלט.

איך לעב? — האָב איך געפרעגט, און געבעטן צו גאָט: גיב כאָטש אַ סימן, אַ צייכן, אַז עס איז נאָך פאַראַן לעבן.

און באַלד האָב איך באַמערקט, ווי עס לייטערן זיך אויס הימלען, וואָס הענגען, פונקט ווי נעכטן, ווי יעדער אַנדערער טאָג. דאַן האָב איך דערפילט, אַז גאָט האָט מיר ווידער אַריינגעהויכט אַ נשמה און באַפוילן צו לעבן!

ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט און צעעפנט די אויגן האָב איך דערפילט, אַז איך לעב. אָבער דאַן האָט זיך צע-

שטורעמט דער הימל. דונערן האָבן צעריסן די שטילקייט און כ׳האָב דערהערט עפּעס אַ שוואַך קול:

״ראַטעוועט... איך וויל לעבן...״ — האָט ערגעץ אַ בחורל זיך געראַנגלט מיטן מלאך-המות.

איך האָב גענומען נישטערן צווישן מתים-בערג, אַ גע-בויגענער בין איך צוגעגאַנגען און דערזען אַ קערפּערל. ער איז נאָך געווען וואַרעם... אָבער זיין ריינע נשמה איז שוין אַוועק. בלויז אַ שוך איז מיר פאַרבליבן אין האַנט...

דעמאָלט האָב איך בולט דערפילט, ווי אַלץ ווערט גע-פירט פון גאָט, אַז אומעטום איז זיין האַנט, אַז נאָר דו... בורא-עולם! מאַכסט טויט און גיסט לעבן. מיט דיין ווילן באַהויכסטו צום לעבן. מיט דיין אָרעם קענסטו צעשטערן און אויפבויען, דערהייבן און אומברענגען. און נאָר אַ דאַנק דיר, טובל איך זיך איצט אין דיין חסד.

פון אַלע זייטן האָבן זיך געוואַלגערט בערג גופים, פון געוועזענע מענטשן, פאַרברענטע, דערשטיקטע און פאַר-פייניקטע — עלטערע הדרת-פנימדיקע יידן מיט אויסגע-פליקטע בערד, דערנעבן ישיבה-בחורים. צווישן מיידלשע גופים זענען געלעגן פרויען מיט אַנטבלויזטע בריסטן און צעעפנטע בייכער.

דניאל דערמאָנט זיך, ווי מיט די לעצטע כוחות האָט ער זיך גלייכגעשטעלט, געגלאָצט מיט שטאַרע אויגן אין דער פינצטער און פלוצלונג האָבן ווערטער אַרויסגעפלאַצט פון זיין האַרץ:

״ווו ביסטו גאָט פון רחמים!? שעמסטו זיך נישט צו

בליקן אויפן גרויסן חורבן? באַהאַלסט אַפּילו נישט דיין געטלעכן בליק?

ווייל ווי לאַנג דען, ווי אָט זיי דאָ האָבן געלעבט, דיך געלויבט אַלס דעם "אל אָב הרחמים"... ווי לאַנג דען, ווי זיי דאָ האָבן אויסגעזונגען צו דיר זייער פּיין... און ווידוי געזאָגט.

ניין. גאָט! עס איז דאָך נישט מעגלעך, ווייל ערשט מיט אַ שעה צוריק, און אַז אַפּילו אַ טאָג, אַ וואָך אָדער אַ חודש, אָבער זיי האָבן דאָך געלעבט, געאָטעמט, געאַר-בעט אָדער תורה געלערנט, און האָבן געהאָפט אויף דיין חסד.

און פאַר וואָס דען איך? ווער בין איך עס דען, וואָס די פלאַמען האָבן מיך נישט פאַרצוקט? פאַר וואָס בין אויך איך נישט פאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט זיי צווישן יענע רויכן. גאָט! ענטפער! פאַר וואָס האָסטו מיך נישט געלאָזט דערברענען? ענטפער כאָטש, גאָט!"

*

שפּעט אין דער נאַכט, ירושלים האָט שוין געאָטעמט מיט חצות, ווען מענטשן האָבן שוין געהאַט גערוט פון אַוועקגעגאַנגענעם טאָג נאָך אַרבעט, האַנדל, אָדער לערנען — האָט ערשט דניאל דערוואַכט פון אַ קאָשמאַרער פאַר-גאַנגענהייט, און זיך פאַרנומען צום כותל אָפּריכטן חצות.

פון אַרומיקע בערג האָט אָנגעיאָגט אַ ווינט, וואָס

האָט צעוויגט די האַלב-פאַרשלאָפענעביימער, צעשאָקלט די שאָטנס, וועלכע האָבן אָפּגעשלאָגן פון חורבות.

דניאל האָט זיך דערנענטערט צו דער ליידיקער וואַנט, וועלכע האָט זיך געטונקען אין אַ געדיכטער שוואַרצקייט. עס האָט אים אַרומגענומען אַזאַ קעלט, ווי אַמאָל, אין אַ פראָסטיקן ווינטער. ער האָט זיך פעסטער פאַרהילט מיטן טלית, און גענומען אָפּריכטן חצות.

דניאל האָט געגלאָצט אויף די קאַלטע שטיינער און אָנגעהויבן זאָגן אַ תפילה. איצט האָט ער דערפילט עפּעס אַ שעת הכושר. אַליין גאָר מיטן כביכול. איצט קען ער בעטן, פאָדערן... ווייל אַ מענטש מעג אויך אַ מאָל פאָדערן פון בורא-עולם.

גיך אָבער האָט זיך אַלץ אַרום פאַרענדערט. עס איז פלוצים פאַרשוווּנדן די ליידיקייט, און דער פּלאַץ אַרום כותל איז אויסגעפילט געוואָרן מיט וועזנס, וועלכע שפּאַנען פון אַלע זייטן. דניאלן ווילט זיך שרייען, רופן. וואָס קומט עס דען פאָר פאַר זיינע אויגן? און דאָ שטראָמען זיי די וועזנס, וועלכע זעען אויס ווי קינדער. זיי קומען אַרויס פון דער פינצטערניש אין די בערג, פון טאָלן, אַפילו פון די חורבות, און זיי צעשטעלן זיך ביי דער גאַנצער ברייט פון דער וואַנט און גלאָצן מיט אויסגעליידיקטע אויגן אויף די אַלטע גראַניט-שטיינער. אין אַן אויגנבליק איז אַ בליץ פאַרבייגעפלויגן מיט אַזאַ שטורעם, אַז אַלץ אַרום האָט אויפגעציטערט, און פון דער פינצטערניש האָט אַ העלקייט זיך פאַרצויגן. עס צעעפענען זיך די הימלען פון וועלכע עס פליען אָן מלאכים מיט שניי-ווייסע פליגלען,

כרובים פליען אָן מיט רעש, און נאָך זיי שרפים, אַ גאַנצע פמליה פון די מלאכי השרת, פּאַטשן מיט די פליגלען, און שפּרייטן זיך איבער דעם צעלויכטענעם פּלאַץ. און עס ווערט אַזאַ רעש, ווי דער כביכול בכבודו ועצמו וואָלט אַראָפּגע-נידערט.

די אַלטע וואַנט איז געוואָרן צעהעלט מיט זילבערנעם ליכט און ווערט אויסגעברייטערט, ביז זי וואַקסט אַריין אין אַרומיקע גאַסן און ציט זיך אויס אין דער הויך ביזן הימל. אַ גאָלדענע זון צעשפּרייט זיך אַרום, און מלאכים גייען אַראָפּ און אַרויף, ווי פון יעקבס לייטער.

אין דער מיט שטייט ער, דניאל, אַ צעטומלטער און ווייס נישט: איז עס חלום, אָדער וואָר. עפּעס אין מיטן חצות האָט זיך גאָר אַ זון צעשיינט!...

גלייך ווערט צעריסן די שטילקייט דורך אַ געברום, ווי אַ כאָר פון טויזנטער צעגייט זיך אַ ניגון, וועלכן עס זינגען מלאכים... קדוש... קדוש... קדוש...

אויך אַלץ אַרום זינגט ביז דניאל ווערט אויך אַרומ-געכאַפּט פון עקסטאַז. ביז ער הייבט אויף די הענט צום הימל און לויבט זיין ליבן נאָמען.

ווידער הערט זיך אַ רעש. עס שפּאַלטן זיך הימלען, מיט דונערן און בליצן, אַז די ערד ציטערט אויף. אַ שטויב האָט גענומען פאַלן, און פון אַרום, הייבן זיך אַרויס לעבנס... עס קומען מענער און פרויען פון באַהעלטענישן, הייבן זיך אַרויס פון בערג מיט אַש... אַלטע יידן, טאַטעס מיט חדר-יינגלעך; באָבעס מיט אייניקלעך; פרויען דריקן עופהלעך צו אויסגעטריקנטע בריסטן; שול-קינדער מיט העפטן.

אָ, זייט געבענטשט ברידער יידן! — האָט דניאל צע-
עפנט די הענט, און אַ פיבער האָט צעצונדן דאָס לייב.

״אָ, דאָס זייט איר טייערע יידן! האָט איר טאַקע אויפ-
געלעבט, ברידער מיינע?... זיי געבענטשט, בורא-עולם, וואָס
ענדלעך האָסטו באַוויזן דיין נס... תחיית המתים!... זיי
געלויבט, אַלמעכטיקער, ווייל האָסט צוריק לעבעדיק גע-
מאַכט מיינע ברידער. געבענטשט זיי אויף אייביק... אײַי-
ביק...״

אָבער נאָך עטלעכע מינוטן פאַרשווינדט די זון, וועלכע
ווערט אַנטרונען צווישן וואָלקנס און ווידער ווערט דער
הימל פאַרצויגן מיט אַ שוואַרץ-נאַכטיקן סאַמעט. בלויז
אַ בלאַסע לבנה באַמבלט זיך אַ פאַרשלאָפענע...

אַרום דער שטיינערנער וואַנט אויפן ליידיקן פלאַץ,
ווערט אַלץ צעשווומען. בלויז ער, דניאל, שטייט איינער
אַליין אין שפעטן חצות. צווישן די חורבות אַליין מיט
אַזוי פיל פיין און יסורים. אַליין קעגן פאַרמאַכטע הימלען.
אַליין קעגן אַ וועלט מיט רשעות און מיט אַזוי פיל מאָנונג
קעגן גאָט און זיין וועלט.

״צו דיר, גאָט, בין איך געקומען — האָט דניאל אַ באַגאָ-
סענער מיט טרערן זיך צעשריגן, בעת דער תפילה — ווייל
דאָ, אויפן באַרג, זענען מיר נאָענט, נענטער ווי אומעטום.
צו דיר, בורא-עולם, קום איך מיט אַ שליחות פון מיינע
אומגעקומענע ברידער, וועלכע האָבן מיך אויף זייערע
נשמה-פליגלען אַהער געבראַכט, און אויפן אַש פון זייערע
קערפערס האָבן זיי מיך געטראָגן פון אָרט צו אָרט, ביז
זיי האָבן מיך דאָ אַהער געבראַכט מאָנען חשבון״.

שפּעט אין דער נאַכט, ווען עס זענען אַוועק די חזיונות פון דניאלן, האָט ער זיך געפילט אַ צעבראָכענער פון איבער-געלעבטן, און ווידער זיך פאַרגאַנגען אין תפילה:

„אל חטא! זײַ מיר מוחל. גאָט! ווער בין איך עס אַנטקעגן דיר? אַ נישט פּאַרטיליקטער גוף... זײַ געבענטשט גאָט! ווײַל אויך זײַ, וואָלטן נאָר זייערע אויגן געווען אָפן, און זייערע לעפצן זיך באַוועגט — וואָלטן אויך זײַ דורך תפילה דיך געלויבט, אַז די וועלט וואָלט אויפגעציטערט געוואָרן פון מיליאָניקע תפילות.

אָבער לײדער זענען זײַ מער נישטאָ. בלויז שטאַרע אויגן בליקן פון בערג אַש... ווי אַלץ פון זײַ איז צערונען, פאַר-שווונדן געוואָרן פון דער ערד. אָבער זייער שטילער געברום צעגייט זיך איבער דער וועלט. אַ שטילקייט, וואָס צע-שניידט מויערן, צעקרישלט פעלדזן און דערגייט צו די טויערן פון הימל, ווו עס רוט די שכינה, מיט אַ טענה: פאַר וואָס... גאָט? זאָלן כאָטש די צוויי טויזנט יאָריקע גראַניט-שטיינער נישט צעקרישלט ווערן פון זייער געברום...״

*

דניאל איז געבליבן פאַרטראַכט, געפּרוּווט טרעפן דעם באַדייט פון די חזיונות. ווידער האָט ער פאַרצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ, און אַ קוואַל פון תפילה האָט זיך צעפלייצט פון זײַן מויל:

„אל מלא רחמים. ביסט ווידער דער גאָט פון רחמים. ביסט דער גאָט פון חסד, וואָס נאָר אַלס אַזעלכן קען איך

דיך, אַזעלכן ווייס איך פון דיר. אין יעדן אָטעם-צוג פיל איך דיין שטים און טובל זיך אין דיין חסד. אויף יעדן שריט, פיל איך דיין באַהויך, ווען פילט אָן אַלץ מיט לעבן און דיין אָרעם, וועלכער באַוועגט אַלץ אויף דער וועלט..."

"אל מלא רחמים... ביסט דער גאָט פון רחמים... און אַזעלכער בלייבסטו אויף אייביק... לעולם ועד".

# התבודדות

ווייט איבערן קדרון, אָפּגעזונדערט פון שטאָטישן לעבן, ערגעץ אונטער אַ צעשאָטנטן באַרג, האָט דניאל געפונען אַ ווינקל פאַר התבודדות.

שווער צו זאָגן, צי דאָס אָרט וואָס דניאל האָט געפונען פאַר זיך, איז געווען אַ שטוב, צריף, אָדער סתם אַ הייל זיך צו באַשיצן פון זון, אָדער רעגן. אפשר האָט אַמאָל דאָ געוווינט אַ פּאַסטוך, אָדער אַ שלעפּער. אָבער שוין לאַנגע צייטן, ווי קיין מענטש האָט דאָ נישט געוווינט, ווייל וועמען וואָלט זיך דען פאַרגלוסט צו באַטרעטן דאָס דאָזיקע אָרט?

דער געבוי פון דאָזיקן שטיבל איז באַשטאַנען פון דריי האַלב-חרובע ווענט, ווייל די פערטע איז געווען אַ טיר נעבן אַ קליין פענצטערל. קען זיין, אַז אין אַמאָליקע צייטן איז דאָ געווען אַ וועשעריי, ווייל אין מיטן איז נאָך פאַרבליבן אַ סימן פון שטיינערנעם קעסל. איבערן דאַך איז געלעגן אַ האַלב-צעפוילטער קאַסטן, פון יאָרן שוין אַן אויסגעווייקטער פון רעגנס, און אויסגעטריקנטער פון היצן. כאָטש אַלץ אַרום איז דאָ געווען אויסגעטריקנט, פאַרשטויבט און פאַרלאָזן, איז עס אָבער פאַר דניאלן ממש געווען אַ פּאַלאַץ.

ווייל, וואָס האָט דען דניאל בכלל געדאַרפט? וואָס האָט אים דען געבונדן מיט דער גרויסער, צערוישטער וועלט?

אינעווייניק, ביי דער פאָדערשטער וואַנט, אַנטקעגן דער טיר, האָט דניאל אַוועקגעשטעלט דאָס קעסטעלע פון האָלץ, וועלכעס איז ביי אים געווען הייליק און האָט אויסגעזען ווי אַן אָרון-קודש. דאָס איבעריקע מעבל איז געווען: אַ צוזאַמענגעשטעלט געלעגער, אונטערגעטשעלט מיט שטיי-נער. הינטערן פענצטער איז געשטאַנען אַ טישל, אויף וועלכן עס זענען געלעגן אַ פּאָר צעעפנטע ספרים, פאַרצייכנטע פּאַפּירן, און אַ פלאַש וואַסער.

אין דאָזיקן "שטיבל" האָט עס דניאל געפירט זיין אָפּגעזונדערט לעבן. אַרומגעדרייט זיך: צוויי טריט אַהין און צוויי צוריק און אייביק געווען ווי פאַרזונקען אין אַנדערע וועלטן.

די טעג פון דניאלן זענען אויסגעפולט מיט תעניתים, תפילות און טענות צו גאָט און מענטשן. אינעווייניק האָט ער גערעדט, געבעטן און געלויבט הויך אויפן קול, ווי ער וואָלט דאָ געווען מיט נאָך אימעצן, כאָטש אין גאַס איז ער געווען אַ שתקן, עס איז שווער געווען פון אים אַ וואָרט אַרויסצובאַקומען.

די ערשטע וואָכן, ווען דניאל האָט זיך דאָ באַזעצט, האָבן זיך מענטשן עפּעס יאָ און נישט אומגעקוקט... "אַ פרישער שלעפער, זיך אויסגעזוכט אַ מקום מנוחה...", האָט מען געטראַכט, איז דען געווען אַ נייעס אין באַפרייטן ירו-שלים צו באַגעגענען פאַרשיידענע טיפּן, וועלכע האָבן זיך

דאַן באַוויזן אין דער שטאָט, אָנהייבנדיק פון שוואַרץ-באַ-בערדלטע קנאים, משונהדיקע טוריסטן — ביז שמוציקע ביטניקעס.

און דאָך איז די געשטאַלט פון דניאלן געווען עפּעס אַרויסרופעריש. אַפילו זיין אויסזען האָט גלייך געצויגן די אויפמערקזאַמקייט כמעט פון יעדן דורכגייער: אַ דאַרער, הויכער מאַן, אַ נישט-צעקעמטע באָרד, מיט מאָדנע פאַר-חלומטע אויגן, וועלכע האָבן געבליצט מיט אַ סודות-פולער פאַרהוילנקייט.

אין דרויסן, אַרום שטיבל פון דניאלן, איז שטענדיק שטיל און אָפּגעלאָזן, קיינער בליקט דאָרט נישט אַריין. דאָך איז ער קיין מאָל נישט אַליין; נאָר מיט זיי, זאָגט ער, צוזאַמען מיט די נשמות פון די פאַרפייניקטע. אויך טייל מאָל טראַכט ער גאָר, דאָס ער ווינט מיטן אַלמעכטיקן, כאָטש קיין אַבסאָלוטער שלום הערשט נישט צווישן דניאלן מיטן בורא-עולם. דאָך פילט ער די אַלמעכטיקייט אין יעדן ריר פון זיינע אברים, אין יעדן קלאַנג פון זיינע לעפצן... הערט ווי אַלץ און אַלע לויבן דעם בורא-עולם, נישט בלויז דער יציר הבחירה — דער מענטש, נאָר אויך די ביימער, בערג און ימים. דניאל הערט בולט, ווי פון אומעטום שלאָגן אָפּ וועלן פון קדושה...

טאַקע געגנוג שווער געווען דניאלן צו לעבן ווי אַ נזיר, אַן אָפּגעזונדערטער פון אַלעמען. כאָטש וואָס מער ער דער-ווייטערט זיך פון מענטשן — אַלץ מער זוכט מען אים... אַלץ מער ווילן מענטשן אים זען; הערן זיין קול, און אָנגעצונדן ווערן פון זיינע רייד.

דאָך פילט ער, ווי עפּעס אַן איבערנאַטירלעכער כוח זידט אין אים, שטויסט אים אויף שווערע וועגן און אָפט מאָל געפינט ער זיך, ווי אויפן ראַנד פון אַ גליטשיקן באַרג, ווי אָט פאַלט ער. אָבער באַלד באַקומט ער פליגל, וועלכע דערהויבן אים, ציען אים הויך, ביז איבער די וואָלקנס.

נישט ווייט פון דאַנען, ווו דניאל געפינט זיך, בלויז נאָך עטלעכע גאַסן, רוישט אַ שטורמיש לעבן, וואָס איז גע-מישט מיט פרייד, זאָרגן און האָפענונג. דאָרט אָטעמט אַ וועלט מיט גוטס און שלעכטס, מיט מענטשן, וועלכע לעבן פאַרשידן, טראַכטן אַנדערש און פילן גאָרנישט, אַז נאָענט צו זיי לעבט עס אַ מאָדנער מענטש, אַן אָפּגעזונדערטער פון גאַנצן אַרום.

און אָפט מאָל, אַרום איז שטיל און פינצטער, ווען די לבנה באַהאַלט זיך הינטער וואָלקנס, מען זעט אַפילו נישט די שאָטנס פון בערג, דעמאָלט מאַכט דניאל אַ חשבון מיט זיך, און צום סוף פרעגט ער פאַר וואָס האָבן די פלאַ-מען אויך אים נישט פאַרצוקט? פאַר וואָס האָבן זיי אים נישט געלאָזט אומקומען ווי די אַנדערע? מאַכט ער ווידער חשבונות, פאַסט תעניתים און האָט תרעומות.

אַ ביסל ווייטער, אין אַנדערע גאַסן, ווערן די טעג אויסגעפולט מיט אַרבעט, האַנדל און תורה. בלויז ער, דניאל, בלייבט אָפּגעשלאָסן אין יענער צעשמעטערטער וועלט, פון וועלכער ער קען נישט און וויל גאָרנישט זיך אַרויסרייסן; נאָר בלייבט מיט זיך, סיי ווען ער איז אינע-ווייניק און סיי ווען ער שפּרייזט איבער גאַסן צווישן אַ רויש פון לעבן. אויך אַפילו ווען מענטשן שטעלן זיך אָפּ,

וואַרפנדיק נייגעריקע בליקן אויף דער מאָדנער געשטאַלט.
ווייל די גאַס האָט זיך פון אים נישט אָפּגעזונדערט, נאָר געפּרוּווט צו דערזען אין דניאלן אַ באַהאַלטענעם צדיק; פאַר אַנדערע איז ער געווען אַן אַנטוישטער רבי, אַ רעליגיעזער אַסקעט, און פאַר געוויסע מענטשן איז ער גאָר אַ געשטאַלט פון אַ נביא. אָבער, האָט דען אייגנטלעך ווער געקענט וויסן גענוי, אַז ער, דניאל זעלבסט, האָט נישט געוווּסט ווער ער איז. ער האָט נאָר געפילט, אַז ער איז באַלאַסטעט מיט אַ שליחות פון די פאַרטיליקטע, אַז ער איז אַ באַוויינער פון דריטן חורבן און ער דערלאָזט נישט אָפּמעקן פון זכרון דעם אומקום פון מיליאָנען יידן, גלייכצייטיק דערלאָזט ער אויך נישט דעם כביכול אַליין, זיך אַרויסציען פון גרויסן חורבן. דערפאַר בלייבט דניאל פאַר דער גאַס אַן אומבאַקאַנטער וואַנדערער, אויף וועלכן מען האָט פון אָנהייב נישט געלייגט קיין אַכט, אָבער נאָך אַ פּאָר געציילטע טעג, איז ער געוואָרן אַ געשטאַלט, וועלכע האָט געוועקט די פאַראינטערעסירונג פון פרומע און מאָדערנע, פון סטודענטן און ישיבה-בחורים, און אַוודאי פון טוריסטן, וועלכע פרוּוון אויסגעפינען אין דניאלן אַן ענלעכקייט צו נביאים, וועלכע האָבן געלעבט אין צייטן פון בית שני.
מער דרייסטע האָבן גאָר פאַרגליכן דניאלס אופן פון תפילות צו ירמיהו, ווייל ווער אַנדערש וואָלט זיך עס דערלויבט צו קומען מיט אַזעלכע טענות קעגן בורא-עולם, בלייבנדיק גלייכצייטיק פול מיט אמונה צום אַלמעכטיקן.
דערפאַר איז שווער געווען צו אורטיילן וועגן דאָזיקן מאָדנעם משולח, וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך אַזוי פיל

סתירות, ווי תורה, אמונה, בונטאַרישקייט, אַסקעטיזם און ליבשאַפט צו אַלעם, וואָס דער בורא האָט באַשאַפן.

געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך באַצויגן צו דניאלן מיט ספּעציעלער אויפמערקזאַמקייט. ווענדיק דערגיין זיינע דרכים, האָבן זיי נאָכגעפאָרשט זיינע נאַכט-באַזוכן צווישן די חורבות, אויפגעכאַפּט זיינע תפילות אין די חצותן, פאַר-צייכנט זיינע ווערטלעך און העוויות, וועלכע האָבן אַריינ-געבראַכט מער נייגעריקייט און צוגעגעבן נאָך מער חשיבות די געשטאַלט פון משולח, וועלכער איז געווען פול מיט ליבע, תפילה און אמונה צום כביכול, און פון דער אַנדערער זייט — פול מיט תרעומות און טענות צום וועלט-באַשאַפער.

געווען אָבער אויך אַזעלכע קרייזן פון עקסטרעם פרו-מע, וועלכע האָבן גלייך פון ערשטן טאָג זיך באַצויגן צו דניאלן מיט אַן אומצוטרוי, אַפילו אים אָנגעהויבן שיקאַ-נירן און אים באַצייכנט אַלס פאַלשער נביא, וועלכער וואַגט צו רעדן קעגן דער העכסטער קראַפט.

״עפעס אַ בשר ודם נעמט זיך אַ זכות צו רעדן קעגן כביכול. נישטאָ קיין גרעסערע זינד, ווי פרעגן ביים רבש״ע קשיות !״.

״ווער מעג עס דען פאָדערן חשבון פון אויבערשטן, וועל-כער פירט אָן מיט דער וועלט ?״.

טאַקע צווישן זיי האָט מען אָנגעהויבן רעדן וועגן דניאלן, ווי וועגן אַ גאָט-לעסטערער, אַן אַפּיקורס, ווי אַ מיסיאָנער און פאַלשער נביא.

״מען דאַרף טאָן מיט אים, אַזוי ווי מיט ירמיהון״. — האָבן זיך דערהערט בייזע טענער.

אָבער די מערהייט מענטשן, אַפילו פרומע, האָבן גאָר אַנדערש געשמועסט וועגן דניאלן.

"אַז הערסט אים רעדן, פילט מען, ווי עס טראָגט דיך איבער אין אַנדערע וועלטן. ווערסט אָנגעפילט מיט אַ דער-הויבנקייט און מיטגעריסן מיט התלהבות... ווי עס וואָלטן אויפגעלעבט אונדזערע נביאים".

נישט קיין ווּנדער וואָס מענטשן זענען אָנגעצונדן גע-וואָרן פון זיינע רייד, ווייל דניאלס תפילות צינדן פונקען פון דערהויבנקייט. פון אים שפּרודלט אַ קוואַל פון ערלע-כער אמונה; דערפאַר איז אַ האָפענונג זיך צעגאַנגען איבער יידישע הייזער, ביי וועמען די געשטאַלט פון משולח האָט געוועקט אַ גלויבן, אַז עס דערנענטערט זיך טאַקע די גאולה שלימה.

אַ טיפע בענקשאַפט איז אָנגעצונדן געוואָרן אין געמיט פון ערלעכע מענטשן, מיט אַ גלויבן, אַז עס דערנענטערט זיך עפּעס אויסערגעוויינלעכס; אַז ענדלעך וועלן פאַרהיילט ווערן די ווּנדן פון געשלאָגענעם פאָלק.

מיטן באַווייזן זיך פון דניאלן האָט ווי אַ ליכט אויפ-געשיינט צווישן פאָלק פון ישראל. אַ נביאישע געשטאַלט מיט אַ געטלעכער ברכה. מענטשן זענען אַרומגעכאַפּט גע-וואָרן מיט אַן עקסטאַז, וואָס האָט באַווירקט סיי מענער און פרויען, סיי יונגע און אַלטע. אַ גלויבן האָט זיך אויס-געשפּרייט וועגן דער ענדגילטיקער אויסלייזונג. מענטשן זע-נען געוואָרן איבערגענומען מיט עפּעס העכערס. אַ טייל האָבן גאָר איבערגעלאָזט דאָס טעגלעכע וואָכעדיקע לעבן. ישיבה-בחורים און סטודענטן האָבן איבערגעלאָזט שיעו-

רים און זענען נאָכגעגאַנגען דעם משולח; געוואָלט טרינקען פון זיינע רייד און געזעטיקט ווערן מיטן קוואַל, וואָס האָט געפּלייצט פון דניאלס מויל.

בלויז ער אַליין, דניאל, האָט זיך נישט געענדערט, נאָר ווייטער געלעבט אין זיין אָפּגעזונדערטער וועלט. נישט אַוועק פון זיינע אָנגעצייכנטע וועגן, שלעפּנדיק מיט זיך די יסורים פון דער אויפגייענדיקער גאולה.

„ווו ביסטו משיח?! — האָט ער אויסגערופן ביים אָפּריכטן חצות — דען הערסטו נישט דעם רוף פון יעקבס קינדער, וועלכע וואַרטן אויף דיר? פילסטו נישט די בענקשאַפט צו אויסלייזונג פון די, וואָס וואַרטן אויף דיר, די אויסגעבענקטע און פון יסורים געלייטערטע, שטאָלצע און געפּייניקטע, וואָס וואַרטן שוין טויזנטער יאָרן אויף דיר, מלך המשיח, און דאָס נישט בלויז די לעבעדיקע, נאָר אַפילו אויך די אַוועקגעגאַנגענע...“

# חצות

"יידן ! איך האָב אים געזען... איך האָב אַליין געזען אָנגעברענטע שטיקער יריעות אויף זיין לייב, אַ הייליקער איז ער דער משולח, אַ נביאֿ..."

דאָס האָט אַ בחור דערציילט וועגן דניאלן. אַזוי האָט מען געשמועסט וועגן משולח אין יידישע הייזער, אין בתי מדרשים. כאָטש נישט יעדער האָט געוואַגט צו אַנטפּלעקן זיין התלהבות צום פרעמדן. אָבער אין האַרצן האָבן די מערהייט געגלויבט באמונה שלימה, אַז דניאל איז אַ הייליקער, אַז גאָט אַליין האָט אים אָפּגעהיט, אַז דאָס פייער זאָל נישט האָבן קיין שליטה איבער אים. עפּעס אַ געהיימע קראַפט האָט טאַקע געצויגן צו אים, צו דעם פרעמדן משולח. עס האָט זיך געוואָלט זיין נאָענט צום דאָזיקן מאַן, וועלכער טראָגט מיט זיך אַ פאַרבאָרגענע שליחות.

שנעל איז זיך צעגאַנגען די בשורה וועגן משולח, וועלכער האָט זיך באַזעצט צווישן די חורבות פון אַלט-ירושלים, און מענטשן האָבן געגלויבט, אַז דניאל איז טאַקע איינער פון יענע פאַרהוילענע צדיקים, וועלכע טראָגן אויס די פיין פון יידישן פאָלק.

אין יענע זומערדיקע נעכט, ווען ירושלים האָט פריי געאָטעמט נאָך הייס-בריענדיקע טעג, אַ פריש ווינטל איז

זיך דורכגעלאָפּן איבער צעהיצטע מויערן, און די לבנה פלעגט זיך באַהאַלטן צווישן בערג, האָט דניאל אַרויפגעצויגן אויף זיך אַ לאַנגן מלבוש, פאַרקנעפּלט דעם בגד ביזן האַלדז, און מיט אַ צעוויקלטן טלית דורכגעשניטן די פאַרשטילטע גאַסן.

אויך אַ מאָל, בעת דער הימל האָט זיך געבאָדן אין אַ געדיכטער פינצטערניש, פלעגט דניאל זיך אָפּשטעלן אויף אַ פּלאַץ און פאַרטרינקען זיין בליק ערגעץ ווייט... גאָר ווייט... פלעגן פאַר זיינע אויגן זיך אָנצינדן פיבערדיקע חזיונות.

"און וועסט איינזאַמלען די פאַרשטויסענע פון ישראל".

— האָט ער איבערגעחזרט.

צווישן, האָט זיך אים גאָר אויסגעדאַכט, אַז דורך דער פינצטערניש אַרום די בערג, שטראַלט אַרויס אַ צעפלאַמטע שיין, וואָס דערגרייכט אַזש ביזן צעעפנטן הימל.

הערט זיך דניאל איין, ווי עס קלאַפּן מלאכישע פליגלען, וועלכע שוועבן איבער בערג. בלייבט ער שטיין אַ פאַרטראָ-גענער און קען זיך נישט אָפּרייסן פון דער ערד. דאַן צע-קלינגט זיך אַ שטימע, ווי אַ בת קול פון הימל, און דניאל דערקענט נישט, אַז דאָס איז גאָר זיין שטימע, זיין אייגן קול, וועלכער לויבט דעם בורא-עולם.

דערווייל האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווינט, וועלכער האָט זיך דערטראָגן צווישן די בערג. צווייגן שאָקלען זיך מיט רעש. און דניאל פאַרנעמט זיך ווידער אויף אַלטע וועגן, איבער וועלכע עס האָבן געשפּרייזט די נביאים.

אַרום חרובע פּלעצער שאָקלען זיךביימער פון ווינט

און עס פליען אָפּגעריסענע בלעטער פון אַלטע ספרים, קוויטלעך געשריבענע דורך מענטשן מיט שווערע הערצער. ערשט צווישן ווינט און פינצטערניש, צעעפנט דניאל פאַר־טרערטע אויגן צום הימל, און פאַרגייט זיך מיט אַ קול פון תחנונים:

״צי הערט איר, נביאים, ווי פון מיין פאַרמאַטערט האַרץ טריפט די אײַנגעזאַפּטע פּיין פון ישראלס פאָלק?

און איך, דניאל, אַ צעפייניקטער ייד פון הונדערטסטן דור, טרעט ווידער איבער אַלטע גאַסן, צווישן יענע שטיי־נערנע מויערן, דורך וועלכע איר זענט אַמאָל געגאַנגען מיט אייער טרייסט־וואָרט צו די אָבלים״.

און ווען דניאל צעעפנט די אויגן און דערזעט, ווי פון דער פינצטערניש שלאָגן אָפּ שאָטנס פון בערג און אַלטע מויערן, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער געפינט זיך צווישן אַ מאַסע מתפללים, וועלכע לויבן און בעטן דעם באַשעפער. זיי שאָקלען זיך פון קדושה און טאַנצן פון עקסטאַז.

דערנאָך בלאָנדזשעט דניאל אַ פאַרחלומטער צווישן נאַכט־שאָטנס, ביז ער דערגייט צו די טויערן פון רחמים, דורך וועלכע נביאים האָבן נאָכן חורבן געטראָגן זייער וואָרט און אָפּגעהיט, אַז דער פלאַם פון אמונה זאָל חלילה נישט פאַרלאָשן ווערן.

״אל אָב הרחמים... זאָגט מען ווען דיר, — הייבט דניאל אויף זיין קול צום בורא־עולם — אָבער איצט פאַר־לעשן זיך מער נישט די נשמה־ליכט, נאָר עס ברענען מיליאָ־נען יאָרצייט־ליכט, וועלכע טריפן און צאַנקען מיט פלאַ־

מענדיקן צאָרן; ליכט וואָס וועלן קיין מאָל נישט פאַרלאָשן ווערן... דעריבער פרעג איך „אל אָב הרחמים", אָדער ביסטו אַ גאָט פון נקמה...?

טריפט אַ צעברענטער חלב פון פלאַמען, וועלכע בריען מיין האַרץ. אַזוי טאָג איין, טאָג אויס, טראָפּ נאָך טראָפּן, אַלע שעהען, אוֹן טעג פון יאָר, אַפילו שבתים און ימים-טובים, באַצירט אויך אַ יזכור אונדזער לעבן..."

לאַנג נאָך איז דניאל געבליבן פאַרזונקען ביים תיקון חצות, געוויינט און געקלאָגט אויפן דריטן חורבן, אויפן גרעסטן אומקום פון אויסדערוויילטן פאָלק... געקלאָגט איבערן חורבן, וואָס דויערט נאָך און הערט נישט אויף. נאָך איצט וואַלגערן זיך ביינער פון קדושים אין זאַמדן און בלוט-פלעקן שפּראָצן פון דער ערד.

שפּעטער, ווען אַלץ אַרום האָט זיך געהאַט איינגע-שטילט, דער ווינט האָט זיך באַרויקט און ביימער זענען געשלאָפן מיט אַראָפּגעלאָזטע צווייגן, און פון הימל האָט שוין געבליקט אַ בלאַס-פאַרשלאָפענע לבנה, האָט ערשט דניאל דערוואַכט פון חזיון און גלייך אַ פרעג געטאָן דעם פאַרנעפלטן הימל:

"ווער בין איך דען עס, וואָס דאַרף טראָגן דעם עול צו פאַרהיטן אַז די צאַנקנדיקע ליכט זאָלן נישט פאַרלאָשן ווערן...?"

אין צווישן האָט זיך דניאלן אויסגעדאַכט, אַז ער הערט אַ קול... שטייט ער מיט אויפגעריסענע אויגן, און הערט ווי מען רופט:

"דניאל, דניאל! ביסט דאָך אַ טייל פון יענע".

גלייך דערפילט ער, ווי זיין גוף צאַפּלט זיך אין אַ פיבער און באַקומט פליגלען, וועלכע דערהייבן אים הויך. פלוצלונג טרעט ער אויף אַ דינעם שטריק און איז צווישן לעבן און טויט... אַ גרענעץ צווישן קדושה און טומאה. און ער ציטערט חלילה נישט אַראָפּפאַלן.

ווייטיקט דניאלס האַרץ מיט אַ פּראָטעסט און תרעומות. אָבער גלייך דערפילט ער הכנעה. פון די אויגן פינקלען טרערן און די ליפּן ציטערן אויס אַ געבעט:

״איך בין מיט דיר, גאָטעניו, שטענדיק מיט דיר״.

אין זיין מוח שווימען אויף די רייד פון ישעיהו הנביא:

״און עס וועט זיין אין סוף פון די טעג, וועט שטיין פעסט דער באַרג פון גאָטס הויז, אויבן-אָן פון די בערג, און דערהויבן ווערן איבער די הויכן, און אַלע פעלקער וועלן צו אים שטראָמען...״

שוין היינט קומען טאַקע די גערודפטע, פאַרוואָגלטע פון ווייטן; זיי קומען אַהער פון אַלע גלותן צום דאָזיקן לאַנד, וועלכעס גאָט האָט צוגעזאָגט.

אַרום האָט אַלץ געאָטעמט מיט רו: די גאַסן, די שטיינער, אַז מען האָט געהערט אַ שאָרך פון אַ בוים, אַפילו אַ ריר פון אַ צווייגל, און די דאָזיקע שטילקייט האָט נאָך לייכטער צעטראָגן דניאלס רייד, צו אַרומיקע גאַסן און געסלעך, האָט אויך צעטראָגן זיין שטים איבער ווייטע טאָלן און בערג, ביז עס האָט אָפּגעשלאָגן מיט אַ ווידערקול.

״דאָס איז געשען מיט אַ דור, וועלכער האָט זיך שוין אַ סך מאָל געפונען צווישן לעבן און טויט, ביז גאָט האָט

זיי באַשאָנקען מיט איבערמענטשלעכן כוח, און מיט דער דאָזיקער גבורה האָבן זיי צוריק גענומען דאָס לאַנד, וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט פאַר זיינע קינדער״.

צווישן איז אויסגעגאַנגען דאָס ליכט. אַנטקעגן בערג האָט אויסגעזען אַזוי ווי מענטשן קלייבן זיך אַרום פענצ-טער.

דניאל האָט זיך האַסטיק אָפּגעשאָקלט פון רעיונות און דרייסט געבליקט אין דער געדיכטער פינצטערניש, ביז אַ שטימע האָט אַרויסגעפּלייצט פון זיין האַרץ:

״מענטש, ווען דו הייבסט זיך נישט אַרויס פון יענעם אַש, וואָלסטו דאָך אויך געווען ווי זיי דאָרטן, אַ יאָרצייט-ליכט...״

״איך בין מיט אייך, ברידער!״ — האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט.

פון די ווייטע בערג האָט עפּעס אָפּגעשלאָגן אַ געברום... אַ טרויעריקער געברום. ״זיי זינגען שירה,״ — האָט דניאל שטיל געשעפּטשעט — און באַלד מיטגעברומט דעם ניגון.

פלוצלונג האָט אַ בליץ פון הימל זיך צעפלאַמט, און אַ ריזיקער בוים האָט זיך צעצונדן און באַלויכטן די פינצ-טערניש.

״ווידער דער סנה! — האָט דניאל אויסגערופן — עס ברענט נאָך יענער דאָרן פון מדבר״.

״פאָטער אין הימל!״ — האָט דניאל געבעטן, נישט אָפּרייסנדיק זיין בליק פון ברענענדיקן פלאַם, און געפרעגט:

״איז עס דער סנה פון משה רבנו, אָדער אַ פלאַם פון די פאַרקוילטע מענטשן-בערג? ווייל ביידע וועלן אייביק ברע-נען, און קיין מאָל נישט פאַרלאָשן ווערן...״

# וואָלקנס אויפן הימל

דער נייער טאָג איז אויפגעגאַנגען מיט אַ פאַרוואָלקנטן הימל. מען האָט געמיינט, אַז אָט וועט זיך דער הימל צע־פלייצן מיט אַ מבול. אָבער באַלד האָט זיך דורכגעריסן אַ צעשטראַלטע זון, וואָס האָט צעגאָלדיקט די פאַרטאָגיקע גאַסן.

דניאל האָט פרי צעעפנט די אויגן, אָפּגעגאָסן די נעגל, און געטראַכט זיך גלייך אויפהייבן, אָבער ער האָט זיך נישט געפילט מיט אַלעמען. די אויגן האָבן זיך אים צוריק פאַרמאַכט און עפּעס האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן אַזעלכע חזיונות, וועלכע האָבן פאַרמישט חלום מיט וואָר, טאָג מיט נאַכט. ער האָט געזען חורבן געמישט מיט גאולה. ווי אַרום זיין שטיבל שטראַלט פלוצלונג אויף דער באַרג פון גאָט.

אַ צעקלעמטער, כאַפּט זיך דניאל אויף פון זעונגען, וועלכע פאַרמישן דעם נעכטן מיטן היינט, גבורה מיטן אומקום. ערשט דאַן דערפילט ער די גרויסע שליחות, מיט וועלכער ער איז באַלאַסטעט, אַ שליחות, וועלכע ער מוז אויסטראָגן אין לעבן. אָבער דערביי דערפילט ער אַ שוואַכ־קייט. איז דען לייכט צו לעבן ווי אַ נזיר, ווי אַ ריינער, נישט באַפלעקטער מענטש, וועלכער שפּאַנט אַלע זיינע

יאָרן ווי אויף אַ דינעם שטריק, צווישן לעבן און טויט, צווישן טומאה און קדושה. דערצו צו לעבן אין אַ וועלט, ווו די גרענעצן צווישן אמת און שקר זענען אַזוי דין דורכזיכטיק, אַז מען פילט אַפילו נישט, ווען מען שפרייזט איבער די דאָזיקע גרענעץ, ווו גוטס און שלעכטס האָבן זיך אַזוי פאַרמישט, ווי אין אַ צעשאָקלטער פלאַש.

אים דאַכט זיך, אַז נאָך קיין מאָל זענען אַזוי נאָענט נישט געווען דעד מלאך מיטן שטן. ווי עס שווימען אויף די שטראַלן פון אויפגעבלאָזענעם גלאַנץ, וואָס גייען אַנטקעגן דעם מענטש פון דער פרי ביזן בעט, טראָט נאָך טראָט באַגלייטן אים אויפגעבליצטע ליכט. אַ שרייענדיקער גלאַנץ מיט תאווהדיקע קעגנשטאַנדן, רופן און לאָקן, כאַפּן אַריין דעם מענטש אין די אָרעמס פון זינד און רייסן אים אָפּ פון אָנגעצייכנטן וועג.

און דער מענטש מיט זיינע שוואַכקייטן מוז זיין געניג שטאַרק זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם שוימיקן גלאַנץ, אַרומגעפּוצטן מיט תאווה, גאווה, וועלכער שטויסט צום אָפּגרונט, דערפירט פון כבוד צו שאַנדע, צעברעכט גיבורים, פאַרשיכורט תמימים און פאַרשלעפּט נכבדים.

אָבער גיך הייבט ער זיך אויף, דער משולח, פון זיינע מחשבות און שפּאַנט ווייטער מיט דרייסטע טריט אויף זיינע אומבאַפלעקטע וועגן צו אַ וועלט של מעלה, קעגן דער וועלט של מטה...

טאַקע שווער געווען דעם אויסגעמאַטערטן דניאל צו שפּאַנען אויף אַזעלכע וועגן, וואָס אין די אויגן פון אַנדערע מענטשן זעט עס אויס ווי אַ משוגעת. נישט איין מאָל

פילט ער, ווי מען טייטלט מיטן פינגער: אָט גייט ער, דער תם, דער בטלן... אָדער משוגענער...

און דאָך פילט דניאל זיך דערהויבן, ווייל ער איז אַנדערש, לעבט אַנדערש, ווייל דאָס איז זיין אָנגעצייכנטער וועג. און נישט איין מאָל, זעט ער זיך, ווי ער שטייט אויף אַ שיפּועדיקן ראַנד, ביים סאַמע גרענעץ... ווו בלויז אַ שלעכטער קער, און ער פאַלט. אָבער פלוצלונג פילט ער ווי ער דערהייבט זיך, גאָר הויך... בעת דער משולח שטייט, פנים אל פנים קעגן דער העכסטער קראַפט, צו וועלכער נישט יעדער איז זוכה, כאָטש ער האָט מורא פאַרן מויל אַרויסצוברענגען, אַפילו בלויז צו טראַכטן דערפון, אַז אפשר טאַקע ער אַליין, דער כביכול, רעדט צו אים.

יענעם פרימאָרגן איז דניאל אַרויס איבער גאַסן, אויף וועלכע עס האָט אין פריען פאַרטאָג שוין גערוישט מיט דערוואַכונג. עפּעס האָט אויסגעזען, ווי אַ צווייטער פרילינג וואָלט זיך פאַרשפרייט אין שפעטן זומער.

דניאל האָט זיך אויסגעמישט צווישן מענטשן, וועלכע האָבן זיך קוים אַריינגעוועבט אין נייעם טאָג, און אָנגעהויבן רעדן זיינע רייד:

"האָסט דערוואַכט, ירושלים! נאָך אַ ווידערגעבורט אין בלוטיקע ווייען, ביסט אויפגעשטאַנען איבער די חורבות, וועלכע עס האָבן איבערגעלאָזט די נבוכדנצרס, טיטוסעס און רשעים פון אַלע דורות. מיט שפּיזן, מעסערס און בלוט האָבן זיי באַצירט די שטאָט, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן צו זיין אַ לייכט-טורעם. מיט מאָרד און רויב האָבן זיי פאַראומריייניקט די הייליקסטע ערטער. אָבער זיי האָבן קיין

מאָל נישט געקענט פֿאַרלעשן דעם הייליקן פלאַם, וואָס איז באַשטימט געוואָרן צו באַלויכטן דעם וועג... צו דער אויס-לייזונג״.

שפּאַנט ער דער משולח אַ פּאַרטראַכטער, טרעט מיט צעווייטיקטע פיס איבערן אַלטן און נייעם ירושלים; אי-בער אַלטע טויזנט-יאָריקע שכונות און איבער נייע מאָ-דערנע גאַסן, וועלכע זענען ערשט אויפגעשטאַנען צום לעבן. ער באַגעגנט קינדער לויפן אין שולן, חדרים און ישיבות. ער זעט ווי סוחרים צעלייגן פרי זייערע סחורות, מזרחדיקע און מערבדיקע, סאָלידע און שרייענדיקע. אין צווישן שפּאַ-נען אַראַבישע פרויען, וועלכע טראָגן די איינקויפן אויף די קעפּ און דערנעבן רייטן זייערע מענער אויף אייזלען.

צוזאַמען מיט דער ענגשאַפט גייט אויף אַ סוואָנד פון געריכערטע פליישן, פון פּיטעס מיט פאַלאַפעל, און פון דער צווייטער זייט שטופּן זיך באַגאַרטלטע בחורים אין שוואַרצע טוכענע היטן מיט געפלעשלטע פּיאות. זיי זאָגן זיך מוסר, ווי מען וואָלט גאָרנישט באַמערקט די אַנדערע וועלט.

פון זייטיקע געסלעך שפּרייזט אַרויס אַ גרופּע גלחים און נזירים, גייען מיט געלאַסענע טריט איבער תנכישע גאַסן און פון זייערע לאַנגע קליידער באַמבלען זיך צלמים מיטן געקרייציקטן ישו; זיי טרעטן איבער יידישע גאַסן פון באַנייטן ירושלים, וווּ פאַר זייערע אויגן דערוואַכט דאָס אַלטע יידישע פאָלק אין צוגעזאָגטן לאַנד...

באַלד פאַרלאָזט דניאל דעם רוישיקן טייל שטאָט און דערנענטערט זיך צו ירושלים של מעלה, ווו ס׳איז דער

קבר דוד און מרתף השואה, דער הר ציון און כותל מערבי.

אַזוי שפּרייזט ער אַריין צווישן חלום און וואָר. שווימט אין אַוועקגעגאַנגענע טעג, און ער באַמערקט נישט מער דעם אַרום, הערט אַפילו נישט דעם רויש פון קינדער.

פלוצלונג האָט עפּעס אַ בלענד געטאָן פאַר זיינע אויגן מיט אַ פרישקייט: יונגע בחורים אין ווייס בלאַנקנדיקע מונדירן, מאַטראָסן מיט גאָלדענע עפּאָלעטן, ער דערזעט יידישע אויגן מיט בליקן פון צער, זיי שטעלן פאַמעלעכע טריט, ווי אויף אַ פּאַראַד. אָבער נישט קיין פּאַראַד איז עס, נישט קיין מאַרש, דאָס באַגלייטן זיי זייערע געפאַלענע קאַמפס-ברידער, ווידער פרישע יונגע קרבנות פון פרעהס פייער.

„עד מתי?" — האָט פון דניאלן זיך אַרויסגעריסן אַ געשריי, באַגלייט מיט טרערן.

„שוין ווידער געטעניו! דען נאָך ווינציק האָט מען זייערע זיידעס, עלטערן, שוועסטערס און ברידער געברענט אין קאַלך-אויוונס? איצט ליגן ווידער אומשולדיקע קינדער מיט אָנגעשוואָלענע בייכער, גרייטע צום לעצטן מאַרש.

„ניין, גאָט! כ'קען נישט זאָגן, אַז דיין משפט איז גע-רעכט, ניין, אַלמעכטיקער".

דניאלס פאַרשטאַרטער בליק האָט זיך ווידער אָנגעזאַפּט מיט פרישן צער פון עלטערן, וועלכע וואַרפן זייערע לעצטע בליקן צו זייערע יונגע מלאכימלעך, וועלכע גייען צו גאָט...

„ביז וואַנען נאָך וועסטו לאָזן מאָרדן דיין פאָלק, גאָט?!"

„איז דען נאָך אַלץ ווינציק?" — האָט דער משולח אויסגערופן מיט פאַרצווייפלונג.

אַן אָנגעזאַפּטער מיט צער האָט דניאל איבערגעלאָזט די אַלטע שטיינער, אויף וועלכע עס איז אויסגעגאָסן צער, און ווידער זיך דערנענטערט צום צענטער שטאָט, ווו דער מלאך פון לעבן האָט אַרומגענומען די גאַסן, הייזער, ווו אַפילו די ביימער וואָלטן גערופן... ״זאָל לעבן דאָס לעבן !״.

אויפן האָריזאָנט האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ מיוחסדי-קע געביידע, וועלכע שיינט אַרויס צווישן רווישיקע גאַסן, און וואַרפט שטאָלצע בליקן צו אַרומיקע טורעמס, קלויס-טערס און מעטשעטן, ווי זי וואָלט איבערחזרט : צווישן מיינע ווענט הערשט דער גייסט פון תורה...

ביים אַריינגאַנג אין דער געביידע פון פּאַלאַץ-סטיל האָט דניאל דערפילט אַ פּרעמדקייט. עפּעס האָט אים צוריקגעטריבן... טרעפן, מיט געדרייטע קאָרידאָרן. עס האָט זיך פאַרמישט לוקסוס מיט קדושה, תורה מיט גלאַנץ.

דאָך האָט דניאל זיך נישט צוריקגעצויגן און באַלד זיך געפונען צווישן אַ גרופּע מענער, פרומע און געלערנטע, סופ-רים און גדולי-תורה, פונקט ווי אַ סינטעז פון דער אַלט-נייער תורה, וועלכע איז געגעבן געוואָרן מיט טויזנטער יאָרן צוריק אויפן באַרג פון מדבר סיני — מיט דער ניי-סטער וויסנשאַפט, וועלכע צעשטורעמט היינט די וועלט.

דניאל האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, געוואָלט געפינען אַן ענטפער — ווער באַוועגט דאָך מיטן לעבן — פיזיק צי תורה ? ווער וועמען ?

ער האָט זיך פאַרשטופּט אין אַ ווייט ווינקל, ווו מען האָט אים קוים באַמערקט. קיינער האָט אים סיי ווי נישט געקענט. כאָטש מען האָט אויך אין די דאָזיקע ווענט

שוין געהאַט גערעדט וועגן אַ פרעמדן מאַן, וועלכער פירט זיך אויף מאָדנע, אַ נסתר... אָבער ווען מען האָט עס געקאָנט איינפאַלן, אַז דער דאָזיקער הויכער מאַן, מיט דער נישט-צעקעמטער באָרד, איז עס גאָר דער נסתר, וועלכער לאָזט הערן זיינע רייד צווישן די ווענט פון באַנייטן ירושלים.

ווען אין זאַל איז געוואָרן שטיל האָט אַן עלטערער מאַן, מיט אַ קורץ-געשוירן בערדל, אין גאָלדענע ברילן, זיך אַוועקגעשטעלט איבן אָן.

״אַ רבנישער פראָפעסאָר״ — האָט עמעץ אַ פליסטער געטאָן.

״גיב מיר כח, גאָטעניו״ — האָט דניאל פאַרמאַכט די אויגן און איינגעהערט זיך צו יענעמס ווערטער, וועלכע האָבן אָפּגעקלונגען אין זאַל.

אָבער ווייזט אויס, אַז נישט אַלץ האָט דניאל געהאַלטן פאַר ריכטיק, ווייל באַלד האָט עפּעס געברויזט אין דער נשמה פון דאָזיקן פרעמדן...

״קען איך דען איינהאַלטן דעם קלאַנג פון ריינעם אמת ?״. — האָט אין דניאלן גערופן אַן אינעווייניקסטער קול, וואָס האָט אים אָנגעגורט מיט כח. אינסטינקטיוו האָט ער זיך אויפגעריסן פון אָרט און זיך דערנענטערט צו דער מזרח-וואַנט.

איבערן זאַל איז דורך אַ געמורמל ווען מען האָט דער-זען אַ פרעמדן מאַן, וועלכער האָט פלוצעם צעוויקלט אַ טלית און אַרומגעהילט זיין לאַנגן קערפּער.

״ווי אַ משולח״ — האָט מען אָנגעוויזן אויף דניאַלן, וועלכער האָט די נייגעריקע געשפּיזט מיט פייערדיקע בליקן,

פון וועלכע עס איז שווער געווען זיך אויסצובאַהאַלטן. ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און געבליקט עפּעס ווייט, און דאַן צעקלונגען זיין שטימע:

"יעדער איינער רעדט, בעט און שטופּט זיך צום אַל-מעכטיקן, צום פאָטער פון דער וועלט, וועלכער איז פאַר-באָרגן אין די פאַרהוילענע הימלען.

קען מען דען אַריינקוקן אין די הערצער פון די דאָ-זיקע מענטשן, ווען זיי בעטן, לויבן און דאַנקען דעם אַלמעכטיקן. קען מען דען וויסן צי זענען עס סתם ווער-טער, אָדער קומט עס טאַקע ביי זיי פון האַרצן?

אָבער, וואָס האָבן די זעלבע כהנים דאָ, די כלל-טוערס און גייסט-מענטשן צו זאָגן זייערע אייגענע ברידער...?

הער זשע, האַר פון דער וועלט! באַווייז דיין חסד צו אויסגעבענקטע זין, איבער וועלכע עס הענגט נאָך די האַק פון עמלקן, ווייל די פלישתים גרייטן זיך ווידער צו טרינ-קען דאָס בלוט פון יעקבס קינדער.

יעדן טאָג ווערן ווידער אַוועקגעריסן פרישע צווייגן פון ישראל-בוים און דו, גאָטעניו, שווייגסט...

זאָל איך אפשר זאָגן, אַז ירמיהו איז גערעכט, ווען ער פרעגט: "המאס מאסת את יהודה. אם בציון גילה נפשך. מדוע הכותנו, ואין לנו מרפא...?".

"איז דיר, גאָט, דיין פאָלק פאַרמיאוסט געוואָרן? דען פאַר וואָס שלאָגסטו זיי אָן קיין היילונג...?".

צווישן צעמישטע בליקן פון זאַל און אַ נישט געשטילטע נייגעריקייט פון די צוהערערס, האָט דניאל זיך דערנענ-טערט צו דער מזרח-וואַנט, פלינק צעעפנט די טירלעך פון

אָרון-קדוש און מיט אַ דממה-דקה קול האָט ער זיך צע-קלונגען מיט אַ תפילה:

״זע כאָטש, בורא-עולם, ווי אויסגעבענקטע פון דיין פאָלק קומען פון אומעטום און זענען עולה צום אָרט, וועל-כן האָסט זיך אויסגעקליבן. הער זיך איין, גאָט, צו זייערע תפילות, וועלכע זענען צו דיר געווענדט, זיי זאָלן כאָטש קענען געניסן פון פלאַנצן, וועלכע זענען מיטן בלוט פון פאָלק פאַרזייט געוואָרן, מיט זייערע טרערן באַפרוכפּערט און דורך פלאַמען פון שייטער-הויפנס האָבן זיי אויסגע-פלאַסטערט דעם וועג צו גאולה.

הער אויס זייערע תפילות, פּרוּוו ווידער זיך נישט אויס-באַהאַלטן אין דיינע פאַרהוילענע הימלען״.

״געהערט אַ חוצפּה אַזוי צו רעדן״ — האָט ווער זיך צעשריגן — ״נאָך פון קיינעם אַזעלכעס נישט געהערט!״.

״עפּעס אַ גאָט-לעסטערער!״ — האָט אַ כריפּענדיק קול פון אַ זקן צעשניטן די ערנסטקייט, און באַלד איז גע-וואָרן אַ רעש. כאָטש ס׳רוב זענען געזעסן ווי פאַרשיכורטע און נישט געוווּסט צי אויסהערן דעם פרעמדן, אָדער פּראָ-טעסטירן און טומלען.

״גאָטס וועגן זענען פאַרהוילן״ — האָט אַ מאַן אין אַ שוואַרץ טוכענעם הוט אויסגערופן.

״קענען מיר דען וויסן, ווער ער איז? קען דאָך טאַקע זיין, אַז ער איז אַ טייל פון געטלעכן סוד״.

״די האַנט פון שטן אַזוי אַרויסצוטרעטן...״

אָבער דניאל האָט מיט אַ מאַגישער שטים איבערגעריסן

דעם טומל. ווען דער רעש האָט זיך איינגעשטילט האָט ווידער זיך געהערט דניאלס קול:

"שוין צייט אַז הימלען זאָלן זיך עפענען און צוהערן צום ווייטיק פון יידישע מוטערס, צו דער פיין פון פאָטערס, פרויען און קליינע קינדער, ביי וועלכע מען רייסט אַוועק זייערע נאָענטסטע".

"דער גייסט פון גאָט רוט אויף אים. אַ צדיק איז ער! זאָל מער קיינער נישט וואַגן אַרויסצוטרעטן קעגן נסתר" — האָט אַ מאַן מיט אַ הדרת-פּנימדיקער באָרד זיך איינגעשטעלט פאַר דניאלן.

"מענטש! אַנטקעגן האַר פון הימל גייסטו? משולח!" — האָט אַ מאַן זיך דערנענטערט צו דניאלן מיט צאָרן.

"מעג דען אַ שטערבלעכער אויפשטיין קעגן אַלמעכטיקן?".

"אַ זינד צו הערן זיינע רייד!" — האָט ווער געשריגן אויפן קול — "ווייל נאָך קיינער האָט נישט געוואַגט זאָגן, אַז גאָט טוט אומרעכט. העי! זינדיקסט, פרעמדער!" — האָט אַ מאַן געוויזן דניאלן צו פאַרלאָזן דאָס אָרט.

"זאָל ער אַרויסגיין פון דאַנען דער זינדיקער..."

"ניין! נישט איך — האָט דניאל זיך פאַרטיידיקט — גאָט האָט געזינדיקט קעגן זיין פאָלק, וואָס האָט אין אים געגלויבט און געגאַנגען מיט זיין נאָמען אויף קידוש-השם..."

אינעווייניק אין זאַל האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט דער טומל.

"וואָס פאַר אַ הפקרות אין אַ מקום-קודש...!" — האָט מען גערופן אין אויפברויז.

אָבער דניאל האָט דעמאָלט שוין געהאַט פאַרלאָזט דאָס דאָזיקע הויז, פון וועלכן ער איז אַוועק מיט פאַר-דרוס...

אין דרויסן האָט אים באַגעגנט אַ פולע נאַכט, מיט אַ פאַרוואָלקנטן הימל. פון ווייטן האָבן אָפגעשלאָגן ליכט פון נעאָנען. עס האָט זיך געהערט אַ גערויש פון שנעל פאָרנדיקע מאַשינען און געדעמפטע מוזיק-טענער.

דניאל האָט האַסטיק זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט, גלייך אַריין אין שטילע, האַלב-פינצטערע געסלעך. דאָרט האָט שוין אויסגעזען ווי מיטן נאַכט. איבער אַ פאַרטונקלטן הימל האָט געהאָנגען אַ פאַרחלשטע לבנה, ערגעץ פון דער אַרומיקער שטילקייט האָט אָפּגעקלונגען אַ גמרא-ניגון.

״תנו רבנו !״ — האָבן ערגעץ יונגע מענער איבערגעזונ-גען אַ ניגון, וועלכער האָט צוגעצויגן דניאלן, און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז עס איז נאָך ערב-חורבן. ער שטייט און לערנט מיט בחורים.

ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין עק ביי אַ הויז מיט קליי-נע פענצטער, פון וועלכע עס האָבן אָפּגעשלאָגן ליכט-שטראַ-לן, אוֹן איינגעהערט זיך צום קול פון לערנען.

״דאָס לערנט מען קדושין״ — האָט ער זיך געכאַפּט, און ווידער זענען זיינע אויגן פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן.

״מיטן זעלבן ניגון זענען דאָך זיי, די תלמידים זיינע, געגאַנגען אויף דער עקידה...״

דערנאָך שפּרייזט דניאל און געדענקט גאָר נישט, ווי אַזוי געפינט ער זיך שוין נעבן קבר פון זכריה... זיין באַליבטן נביא. און נישט באַטראַכטנדיק זיך איז ער אַריין אין דער-

נעבנדיקן בית-הכנסת, וואָס איז געווען שוואַך באַלויכטן.

אינעווייניק איז געווען שטיל. נאַכטיקע רויקייט האָט גערוט אויף די ווענט מיט פאָליצעס ספרים; די ספרי-תורה אין אָרון-קודש, ביי וועלכן עס האָט שוואַך געלויכטן אַ לעמפּל איבערן... שיוויתי.

אין אַ ווינקל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ, האָט אַן אַלטער תימנער שמש, מיט גרוי-געדרייטע פּיאות, האַלב געדרימלט.

ערשט דאָ האָט דניאלן אויסגעזען אַזוי גוט. ער האָט דערפילט אַ מאָדנע לייכטקייט, פּונקט ווי ער וואָלט באַקומען פליגל און זיך געקענט אויפהייבן הויך, ביז אין די הימלען.

עס פאַרשווינדט זיין מידקייט, און פאַר דניאלס אויגן ווערט צערונען די פינצטערניש. אַרום האָט אויפגעלויכטן אַ העל-צעשיינט ליכט און אים דאַכט זיך, אַז גאָט אַליין געפינט זיך דאָרט הינטערן אָרון-קודש. כרובים מיט צעשפּרייטע פליגלען זינגען שירה. אָבער פלוצלונג הערט ער אַ קול, ווי עמעץ רופט:

״דניאל, דניאל, דאָס אָרט אויף וועלכן דו שטייסט איז הייליק...״

דער משולח האָט אויפגעציטערט. נאָך אַ ווײַלע האָט ער זיך אַרומגעהילט מיטן טלית, צעעפנט די טירן פון אָרון-קודש און זיך פאַרגאַנגען אין אַ תפילה.

דורך די פענצטער פון דער פאַרטונקלטער שול האָט אַריינגעבליקט אַ לבנה, וועלכע האָט געזונקען אַלץ טיפער אין אַ פאַרנעפלטער גרויקייט. פאַרטאָגס זענען אָנגעקומען די ערשטע מתפללים.

״מי יעלה בהר ה׳... ומי יקום במקום קדשו? — האָט דניאלס קול געקלונגען אין דער שטילקייט — עס גייען היינט צו דיר אויפן באַרג אַפילו די, וועלכע האָבן צו דיר תרעומות, אַפילו מען האָט צו דיר טענות מוז מען דיך לויבן, בענטשן, אין דיר גלויבן, ווייל ה׳ אלהינו ה׳ אחד...!״

די ערשטע מענטשן, וועלכע זענען געקומען דאַוונען, זענען צוריק אַרויס פון שול מיט אַ מאָדנער ציטערניש.

״עפּעס שטייט ווער אין אַ טלית און בעט מיט אַזאַ יאָמערלעכער תפילה... אַ נישט גוטער!״, האָבן זיי איבער-געשראָקענע דערציילט.

שפּעטער האָבן זיך געמערט מתפּללים. זענען געקומען ירושלימער מקובלים, תימנער יידן... ישיבה-בחורים, אויך אַ סערזשאַנט פון צה״ל, וועלכער האָט זיך געאיילט לויבן דעם בורא-עולם פאַרן אַוועקגיין אויף דער וואַך. זיי האָבן זיך דערנענטערט און זיך דרייסטער איינגעקוקט אין פרעמדן מאַן, וועלכער איז מתפּלל אין די נעכט... גלייך האָט אַ ישיבה-בחור אויסגערופן:

״דאָס איז דאָך דער נסתר! דער משולח...״

דאַן האָט מען זיך שוין דערנענטערט צו דער מזרח-וואַנט, וווּ דניאל איז געשטאַנען און גאָר געהאַלטן פאַר אַ זכיה צו זיין נאָענט נעבן משולח.

אַן עלטערער ייד אין אַ ווייסן כאַלאַט, אַרומגענומען מיט אַ גאַרטל, האָט עפּעס געמורמלט אונטער דער נאָז און נישט דרייסט אַרויסגעברענגט ספיקות.

״מען ווייסט דען ווער ער איז. באשר ער בעט אין די נעכט, טאָ זאָל ער זיך בעטן, וויפל ער וויל״.

אָבער פאַר אַנדערע איז עס געווען אַ גרויסע זכיה. עפּעס אַ קלייניקייט! אַ שטאָט זוכט אים אַרום און אוּמ־געריכט געפינט ער זיך גאָר אין זייערע ד׳ אמות. טאַקע אַ זכיה! און דערביי האָט מען זיך געוווּנטשן אַ גאולה שלימה.

ערשט דעמאָלט האָט דניאל באַמערקט, אַז מענטשן וואָס זענען געקומען דאַווענען וואַרפן נייגעריקע בליקן צו דער מזרח־וואַנט, ווו ער איז געשטאַנען.

״הייליקער מאַן... רבי!״ — האָט אַ יונגערמאַן מיט אַ שוואַרץ־געלאָקטער באָרד זיך געווענדט צו דניאלן — ״זאָגט עפּעס. מיר ווילן הערן אייערע רייד״.

אָבער דניאל האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן זיך דערנענטערט צו דער טיר. אָבער גלייך האָבן זיך אַ טייל מתפללים אַ לאָז געטאָן נאָך אים.

אין דרויסן האָט אַ צעשטראַלטע זון שוין געהאַט אַרומ־גענומען דעם נייעם טאָג. פאַר די שפּייז־געוועלבער זענען געשטאַנען קוישן מיט לאַנגע ברויטן, פּריש־קנאַקנדיקע זעמל, אוּן פלעשער קאַלטע מילך.

מענער זענען געלאָפן מיט רענצלעך צום אויטאָ. אַנדע־רע זענען געגאַנגען מיט טלית־זעקלעך דאַווענען. אין צווישן זענען גאָר אָנגעפאָרן גרויסע מאַשינען, וועלכע האָבן גע־בראַכט די ערשטע באַזוכערס צו הייליקע ערטער.

דניאל האָט שנעל זיך דורכגעשלייכט איבער די גאַסן. אַ גרופּע יידן מיט טלית־זעקלעך אונטערן אָרעם האָבן אים באַגלייט צום פּלאַץ נעבן כותל, וועלכער איז שוין אין דעם פרימאָרגן געווען פול מיט מענטשן.

און גלייך האָט ווער דערקענט דניאלן און אויסגערופן: ״אָט איז ער דער משולח !״. דניאל איז גלייך אַריינגענומען געוואָרן אין אַ מענטשן-שטראָם, וועלכע האָט אַפילו נישט געוווּסט, ווי אַזוי אָנהייבן רעדן צו אים.

״זאָג אונדז עפּעס הייליקער מאַן !״ — האָט אַ מיטל-יאָריקער מענטש, מיט אַ פיין צעקעמטער באָרד, זיך אַוועקגעשטעלט נעבן דניאלן.

״יידן. וואָס ווילט איר פון אַ צעוויייטיקטן ייד. איך בין נישט קיין נביא. איך בין אַ פּראָסטער בשר ודם פּונקט ווי דו, ווי ער, אַזוי ווי אַלע מענטשן. לאָזט מיך אָפּ״ — האָט דניאל זיך געבעטן און געפּרוּווט זיך אַראָפּקערן צום שיפּוע-וועג הינטער דער מויער.

״אַ מענטש ווי אַלע. אפשר אויך ווי זיי ?״ — האָט אַ הויכער יונגערמאַן מיט אַ טעמבעל פאַרהאַלטן דניאלן און אָנגעוויזן אויף אַ גרופּע גלחים, וועלכע זענען געהאַט אַרויס פון קריסטלעכע געסלעך.

און איידער נאָך דניאל האָט באַמערקט די גרופּע גלחים אין די ברייטע סוטאַנעס מיט אַראָפּגעהאָנגענע צלמים, איז באַלד אַ יונגער גלח פאָרויס געלאָפן, אָנווייזנ-דיק אויף דניאלן :

״ער זעט אויס באַשטראַלט, ווי אונדזער האַר״.

רוים האָט איצט געוואָרפן נייגעריקע בליקן צום אויס-געפייניקטן ייד, וועגן וועלכן זיי האָבן נאָך אין זייערע היי-מען געהערט.

״ריכטיק ! אַן ענלעכקייט צו אונדזער האַר... דעם גע-קרייציקטן״ — האָבן זיך געהערט רייד וועגן דניאלן.

אַ טייל פרומע יידן האָבן זיך אָפּגערוקט און געפּרווּוט זיך דערווייטערן. האָבן נישט געוואָלט זען, ווי "רוים מיט ירושלים" באַגעגענען זיך אויף דער הייליקער ערד.

דניאל איז געבליבן אין אַ פאַרלעגנהייט. נישט געוווּסט וואָס צו מאַכן. מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט ער גע-ענטפערט :

"איך בין נישט ענלעך צו קיין שום האַר. איך בין אַ פּראָסטער ייד. נישט מער".

"אונדזער האַר ישו איז אויך געווען אַ פּראָסטער ייד, און דאָך טראָגט ער אויף זיך די פּיין פון אַלע ליידנדיקע און ערלעכע..." — האָט אַ דיקלעכער גלח, מיט אַ דאָפּלטן גוידער, אַ קוש געטאָן דעם צלם, פון וועלכן ישו האָט אַראָפּגעבליקט.

דניאל האָט צעעפנט די אויגן און אַרומגענומען מיט אַ שאַרפן בליק די גרופּע גלחים, און נישט אַרויסרעדנדיק קיין וואָרט, האָט ער זיי שטיין געלאָזט, און צו זיך גע-רעדט אויפן קול :

"די זעלבע צלמים. יאָ ! די זעלבע צלמים האָבן אַראָפּ-געהאָנגען ביים צעיושעטן מערדער, וועלכער האָט אַרויס-געריסן עופּהלעך פון יידישע מאַמעס".

באַלד האָט ער געשפּרייזט מיט שנעלע טריט, געוואָלט וואָס גיכער זיך דערווייטערן פון אַלע, וועלכע האָבן אים נישט אָפּגעלאָזט, דאָך איז ער שטיין געבליבן. עס האָט עפּעס געצויגן נאָך אַ מאָל אויסדרייען דעם קאָפּ און כאַפּן אַ בליק הינטערווײַלעכץ...

"בענטש אונדז, צדיק. מיר דאַרפן געהאָלפן ווערן" —

איז אונטערגעקומען אַ גרופּע מענער, וועלכע זענען אים נאָכגעגאַנגען.

״אויב מיין ברכה קען העלפן בין איך גרייט. אָבער קען דען אַ בשר ודם העלפן, אַז אַלץ איז אין זיין האַנט. נאָר ער, אויבן, קען העלפן״.

״דיינע רייד, רבי, דערוואַרעמען אונדזערע הערצער און מאַכן לייכט אויף דער נשמה. זאָג עפּעס, גרויסער מאַן״ — האָבן זיך עלטערע מענער געבעטן.

דניאל האָט געמאַכט עטלעכע טריט פאָרויס, און ווי-דער זיך אָפּגעשטעלט.

רייד! אַוודאי ווירקן רייד. מער ווי שריפטן. ווייל בלינדע לייענען נישט, עם-הארצים קענען נישט, און שלעכ-טע מענטשן ווילן נישט, אָבער דאָך, האָבן די שלעכטע מער צו זאָגן, ווי ערלעכע.

״בענטש אונדז, נביא!״ — האָט אַ תימנער זקן מיט אַן אייניקל ביי דער האַנט זיך געבעטן ביי דניאלן — ״בעט ביי גאָט פאַר אונדז. שוין צייט מיר זאָלן געהאָלפן ווערן. מיר זאָלן שוין מער נישט דאַרפן פאַרגיסן קיין בלוט״.

דער קרייז אַרום דניאלן האָט זיך פאַרגרעסערט. און יעדע פאָר ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגעזאָגט, האָט אַלץ מער דערוואַרעמט און אָנגעצונדן די מענטשן מיט האָפענונג.

דניאלן איז געוואָרן שווער פון דאָזיקן אַרום. נאָך קיין מאָל איז ער נישט געווען אין אַזאַ אַרומרינגלונג. פון אַלע זייטן שפּיזן צו אים בליקן מיט כבוד, וואַרעמקייט און אַפילו פּחד. אָבער וואָס איז ער דען שולדיק?

„ווער ביסטו, און פון וואַנען קומסטו? — האָט אַן עלטערער רב מיט אַ ווייס־גרויער באָרד און געדיכטע ברע־מען, וועלכע האָבן פאַרשטעלט די אויגן, זיך געווענדט צו דניאלן — זאָג אונדז ענדלעך, ווער ביסטו?".

„אַ קנויל פון יידישע פיין, און מענטשלעכע צרות, אַ ייד, ווי איר אַלע בין איך, אַ פאַרבלאָנדזשעטער שעפּס פון אַן אויסגעשאָכטענער סטאַדע".

אַ טייל מענטשן האָבן אַראָפּגעלאָזט די אויגן. מער נישט געוווּסט, וואָס צו פרעגן. אַ ווײַלע איז דניאל נאָך גע־שטאַנען מיט אַ טשילן בליק, און באַלד האָט ער זיי איבערגעלאָזט. ווי ער וואָלט מורא געהאַט עפּעס פאַר־שפּעטיקן, איז ער אַריין צו זיך אין שטוב, צעעפנט אַ ספרל, און מיט דראָבנע אותיות פאַרצייכנט.

אמת... דער מענטש דאַרף זיך נישט צו פיל אַרויס־הייבן פון זיינס גלייכן.

ווייל וויפל מאָל עמעץ וויל זיך אַרויסהייבן העכער פון זיין סביבה, ווערט ער צוריקגעשליידערט, פאַלט און קייקלט זיך צווישן בערג און טאָלן, קייקלט זיך, ביז ער ווערט דערהויבן. אָדער ערשט דעמאָלט, ווערט ער פעסט אַראָפּגעשליידערט.

דניאל איז צו צום קליינעם שענקעלע, וואָס האָט אויס־געזען ווי אַן אָרון־קודש, צעעפנט די טירלעך, און זיך באַ־גאָסן מיט טרערן.

„גאָט, פיר מיך צוריק צום באַרג, פון וואַנען עס איז געקומען דיין אנוכי".

דאָס פּנים פון פאַרמאַטערטן דניאל האָט זיך מאָמענ־טאַל פאַרענדערט און זיך צעשטראַלט. פון די אויגן האָבן געשפּראָצט פייערן, אָבער באַלד האָבן טרערן זיך געקייקלט איבער זיין געזיכט.

"גיב מיר כח, גאָטעניו! צו שטיין אויף דער וואַך פון מיין שליחות און חלילה נישט געשטרויכלט ווערן. העלף מיר, גאָט!".

דאַן האָט ער אַ מידער זיך אָנגעשפּאַרט אויפן בעטל, אַריינגענומען דעם קאָפּ צווישן די הענט און אַוועקגעשווי־מען מיט מחשבות אין אַנדערע וועלטן.

# צווישן חורבן און גאולה

אַ שניידיקער ווינט טראָגט זיך מיט אַ וואָיעניש, פייפט און לאָזט נישט שלאָפן אַפילו דיביימער, וועלכע שאָקלען זיך ווי בעת אַ תפילה. און צווישן ווינט און געדיכטער פינצטערניש, שאָטנט זיך די געשטאַלט פון משולח, וועלכער וואַכט ביים ראַנד פון "עמק יהושפט", ער שליידערט תפילות, רייסט וועלטן, און מאָנט חשבון.

זאַפּט דער שטורעם איין די רייד פון דניאלן און צעטראָגט זיי איבער ווייטע בערג און טאָלן, ווי אַפילו די באַהאַלטענע שטערן צווישן וואָלקנס ווייסן אויך, אַז פון דניאלס ברוסט שלאָגט אָן די שטים פון גאָט.

און ווען דניאל פאַרענדיקט זיין תפילה, דערהערט זיך אַ שטים צווישן צעשטורעמטע ווינטן:

— וואָס טוסטו מענטש אין אַ קאַלטער נאַכט, ווען ס'וואָיען ווינטן, פאַלן בלעטער און שווערע וואָלקנס פאַרשטעלן דעם הימל.

אָנשטאָט אַן ענטפער, שניידט דניאל איין זיין שאַרפן בליק אין דער געדיכטקייט פון דער נאַכט, און בעט ווייטער, מאָנט און פאָדערט חשבון.

"ווי דערלויבט זיך עס אַ מענטש צו מאָנען פון מלך מלכי המלכים?" — פרעגן מענטשן.

אָבער דניאל שווייגט. ער מוז זיך דען פאַרענטפערן ? מעגן אַלע שטורעמען, קענען הימלען זיך שפּאַלטן און זאָלן אַפילו די מלאכי השרת ברומען פון צאָרן... שרעקט עס נישט דניאלן. קיין סימן פון מורא פילט ער נישט, ווייל אַזוי פיל שוידער, מיט וועלכן זיין האַרץ איז אָנגעזאַפּט, קען מען מער נישט אויסמעקן. דערקענט גאָטס שוואַכ-קייט — טראַכט ער.

און כאָטש זיינע ווערטער שפּיזן, ווייס אָבער דניאל, אַז ער מעג ! ווייל דאָס רעדט דער ווייטיק פון אַ פאָלק, וועלכן מען האָט געפירט צו דער עקידה, ווען גאָט האָט געשוויגן.

און זייט דעמאָלט, זענען זיינע אויגן געבליבן אָפן, און ער זעט אין דער פינצטער מער ווי אַנדערע ביי ליכט. ווען פאַר אַלע מענטשן שטייען חורבות, דערזעט גאָר דניאל אַ אויפגעבויטן בית המקדש, מאַרמאָרנע זאַלן מיט קופּערנע מזבחות, ווו כהנים טוען די עבודה.

טאַקע בלויז אַ בשר ודם, אָבער ער איז דאָך אַנדערש ווי אַלע. מיט זיין בליק צערייסט ער שטערונגען, ברעכט צוימען, ביז ער דערגייט צו אַ מדרגה פון קענען זיך אויס-טאָן פון דער אַרומיקער וועלט. אָפט מאָל פאַרטיפט ער זיך אין דברי-הנסתרים, וואָס נאָר יחידי סגולה זענען דער-צו זוכה.

שטייט דניאל צווישן אַ שטורעם, אָנגעזאַפּט מיט דער פּיין פון פאָלק, ראַנגלט זיך פאַר נעכטיקע ליידן, אָבער ווייטיקט שוין אויס אַ מורא פאַרן מאָרגן. באשר... ווען

גאָטס הויז שטייט נאָך אין חורבות, רייסן שוין די "בני עלי" פעטע שטיקער.

"פאַר וואָס שווייגסטו. האָסטו אפשר מורא פאַר זייער רוט?" — האָט אַ קול פון חלל גערופן.

"פאַר וואָס שווייגסטו, נביא?".

בליקט דניאל אין אַלע זייטן, זוכט פון וואַנען עס קומט אַ קול... פאַרגאַרטלט זיך פעסטער אַרום זיינע לענדן און לייגט די האַנט אויפן האַרץ.

"איך, אַ נביא גאָר! טויטע נביאים בענטשט מען, אַוועקגעגאַנגענע לויבט מען. אויס זייערע רייד האָט מען תפילות געמאַכט, ווייל ירמיהו וועט מער ניט שטראָפן און ישעיהו קען זיינע אמתן מער ניט שליידערן...

אָבער זאָל איך עס וואַגן...? אַ מענטש, וועלכער טראָגט נאָך אַ נשמה... זאָל גאָר ווערן אַ שטראָפער? ניין! ניין! קען זיך חלילה ווידער אַ מאָל אומקערן די עוולה, וואָס מען האָט געטאָן מיט ירמיהו. ניין! גאָט! דאַרף מען עס דען?".

שניידט דניאל די פינצטערע נאַכט מיט זיין שמאָלן גוף, וועלכער איז אָנגעזאַפּט מיט פיין פון פאָלק, וועלכע זעענען זיינע ליידן; ער איז פול מיט טרערן פון מאַמעס און מיט יסורים פון פאָטערס, וועמענס קינדער ווערן נאָך היינט אַוועקגעריסן.

אַזוי טאָג נאָך טאָג, סיי ביים אויפגאַנג פון מאָרגנשטערן, אָדער שקיעה פון דער זון, פילט דניאל געבורטווייען פון דער גאולה, און ציטערט איבערן ניי-געבוירענעם, וואָס גייט אויף אין בלוט.

זאָלן עס זיין חבלי-משיח? — פּרוּווט ער זיך טרייסטן. מען הערט טאַקע שוין טריט פון דער גאולה שלימה, אָבער פרייען זיך, איז נאָך פרי...

ווייַנט אויס דניאל זיין צער, וואָס קיינער פאַרשטייט נישט און שליידערט ווערטער, וועלכע מען באַנעמט נישט. אָטעמט ער אויס זיינע טעג אין התבודדות, כאָטש מענטשן באַגערן אים, זוכן אים, דעם נסתר, און ווילן הערן זיינע רייד, וועלכע גלעטן ווי סאַמעט, און נעמען אַרום מיט אַ טרייסט.

באַלד לעשט זיך די נאַכט, אַן איבערגעזעטיקטע מיט פינצטערניש, אַ צעשאָקלטע דורך שטורעם-ווינטן, וואָס וואַרפן זיך אין אַ וואָיעניש, פּונקט ווי לעבעדיקע וועזנס. אָבער דניאלן פאַרטרייבט עס נישט, און ער שטייט אַן אויס-געווייקטער אין תפילה.

און ווידער דאַכט זיך אים, אַז ער ליגט נאָך צווישן אַש... כאַפּט ער זיך אויף און שאָקלט אָפּ דעם אַש. און ווען ער וואַכט אויף, רופט ער ווידער צו הימלען מיט דער זעלבער מאָנונג...

„גאָט! מען האָט צו דיר גערופן פון דער טיפעניש און האָסט געשוויגן... באַהאַלטן זיך אין ווייטע הימלען. מען בעט צו דיר, און ענטפערסט נישט... מעגסטו דען, גאָט, שווייגן, ווען מען רופט אין אַ צרה...? ניין, טאַטע-פאָטער... ביסט נישט גערעכט!".

האָבן זיך מענטשן געוווּנדערט אויף דניאלן, וועלכער מאָנט און שרעקט זיך נישט פאַרן בורא-עולם...

אָבער דערפאַר האָט מען אָנגעהויבן בליקן אויף דעם

משולח מיט אַנדערע אויגן... דערפילט, אַז ער לעבט נישט זיין לעבן... נאָר איז אַ טייל פון אומגעבראַכטן פאָלק. און מענטשן האָבן דערפילט אַ בענקשאַפט צו זיינע רייד, און געזוכט צו באַגעגענען דעם משולח, וועלכער געפינט אויס אויף יעדן אָרט די שכינה, אין יעדער חורבה — אַ מקום קודש. אין יעדן שאָרך פון ברוסט — פילט ער די שטים פון גאָט, און וואָס מער ער האָט זיך דערווייטערט, אָפּגע־זונדערט — האָט אַ בענקשאַפט צו אים געצויגן, פון מענטשן, וועלכע זענען געוואָרן הונגעריקע נאָך זיינע רייד, וואָס גליען מיט פאָרוווּרף.

ביז מען האָט דערזען אין דניאלן אַ צייכן פון גאָט... אַ פאָרפאָסטן, אַן אָנזאָגער פון דער גאולה שלימה.

אַזוי איז דער אומבאַקאַנטער משולח אַריין אין לעבן פון צוגעזאָגטן לאַנד און געוואָרן באַגערט פון מענטשן... פון פראָסטע ביזן ערלעכן; פון ישיבה־בחורים — ביז גע־לערנטע, וועלכע זענען באַאומרוּיקט געוואָרן פון זיינע רייד, פון ווערטער, וואָס מען האָט שוין הונדערט דורות נישט געהערט, ביז דניאל האָט אין אַ געוויסן טאָג זיך אָפּגעריסן פון פאַרבאָרגענע הייֵלן, אָפּגעקערט זיך פון פאַרשאָטנטע בערג און זיך באַוויזן אין צענטער פון ירושלים.

דאָ האָט אַ שטאָט געאָטעמט מיט דערוואַכונג. גאַסן האָבן געראַוישט פון מענטשן, פון האַנדל, מיט געקומענע עולי־רגלניקעס פון אַלע וועלט־טיילן, וועלכע האָבן זיך אויסגעמישט צווישן אַלטן און נייעם ירושלים. עס האָבן אויפגעלעבט בלעטער פון תנ״ך, בלעטער פון פאַר טויזנ־טער יאָרן. איז געקומען דניאל און געפּרוּווט שרייבן

ווייטער, נייע, פריש צאַפּלדיקע בלעטער וועגן אַ נייעם דור צעשמייכלטע קינדער, וועלכע האָבן נישט געוווּסט פון גרוי-ליקע טעג.

איז געקומען דניאל און אַוועקגעשטעלט זיך צווישן גאַסן, אָנגעזאַפּטע מיט רויש, מיט פּאָרנדיקע אויטאָס, און פלוצים אָנגעהויבן רעדן רייד, וועלכע האָבן אָפּגעשלאָגן ווי אַ תפילה...

"נאָך אַ משוגענער. רעדט סתם אין דער וועלט אַריין" — האָבן מענטשן זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהערט זיך אַ ביסל און ווייטער געגאַנגען זייער וועג.

ביז דאָס קול פון דניאלן איז דערגאַנגען צו הערצער און אָפּגעשלאָגן אין מוחות. ווייל זיינע ווערטער האָבן געגליט און געוואַרעמט, אַריינגעדרונגען אין הערצער, און מענטשן האָבן זיך געכאַפּט, אַז דאָס זענען נישט עפּעס סתם קיין ווערטער, נאָר גאָר אַנדערע, דערהויבענע רייד, וועלכע גלעטן דאָס האַרץ.

און מענטשן זענען ביסלעכווייז געוואָרן אָנהענגער פון פרעמדן, אומבאַקאַנטן מאַן, וועלכער האָט פון קיינעם גאָרנישט געפאָדערט, צו קיינעם זיך נישט דערנענטערט און געוואָרן חסידים פון דעם מאַן, וועלכן מען האָט גע-רופן נסתר, צדיק, נביא, און אַפילו... משוגענער! מען האָט אָנגעהויבן גלויבן אין אים ווי אין אַ רבין, כאָטש קיין טיש האָט ער נישט געפירט, קיין מנין אַפילו נישט געהאַט. אָבער דערפאַר האָבן זיינע תפילות אָפּגעקלונגען גאָר ווייט, ביז איבער די גרענעצן פון יידישן לאַנד.

"גאָט איז אומעטום... נישט וויכטיק אויף וועלכן אָרט

מען בעט... ער הערט זיך איין צו תפילות, וועלכע קומען פון הארץ, אפילו אָן ווערטער!" — האָט ער געזאָגט צו מענטשן, וועלכע האָבן אים אַרומגערינגלט, וואָס זענען נאָכגעגאַנגען זיינע טריט און אים באַגלייט צווישן חורבות און הייליקע פלעצער... אָפט מאָל אויך פון באַהעלטענישן האָבן זיי נאָכגעפאָלגט זיינע וועגן, אויסגעהערט תפילות און דערנאָך מתקן געווען זיינע זאָגעכצער, וועלכע זענען פאַרשפרייט געוואָרן צווישן מענטשן.

ערשט דאַן איז אויפגעגאַנגען די בשורה איבער שטעט און דערפער, צו קיבוצים און מושבים, ווו מענטשן, רעלי-גיעזע און אויך פרייע, האָבן עס אויפגענומען מיט התלה-בות. אַ נביא אין אונדזער דור... און האָבן אויסגעטייטשט דאָס דערשיינען פון דניאלן אַלס "אצבע אלוהים"... אַ געטלעכער אָנזאָג פאַרן פאָלק פון ישראל.

עס האָט אַרומגעכאַפּט מענטשן אַ פלאַמיקער גלויבן, אַז דניאל איז טאַקע איינער פון באַהאַלטענע צדיקים, וועל-כער דאַרף נתגלה ווערן, און דאַן וועט מען זען, ווער עס איז געווען גערעכט.

און דער דאָזיקער גלויבן האָט באַווירקט דאָס פאָלק, פון פשוטע מענטשן, פרומע און מאָדערנע — ביז ישיבה-בחורים און סטודענטן. געווען אויך דענקער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין מהות פון דער פערזענלעכ-קייט... דניאל! ביז מען האָט אָנגעהויבן נאָכפאָרשן זיינע וועגן און געגלויבט, אַז גאָטס האַנט איז דערביי, אַז דער משולח זאָל רעדן צו מענטשן מיט דער דאָזיקער שפּראַך.

אַנדערע האָבן אויסגעטייטשט, אַז נאָכן גרויסן זיג פון

אַ קליין הייפל יידן איבער אַזוי פיל שונאים, נאָכן נצחון פון ישראלס העלדישע זין, וועלכע האָבן באַפרייט די הייליקע ערטער, צו וועלכע דאָס פאָלק האָט געבענקט טויזנטער יאָרן, האָט געמוזט קומען אַ מאַן, באַהויכט מיטן גייסט פון אַ נביא, אַ נסתר, וועלכער זאָל פאָרזעצן די גרויסע מיסיע פון נביאים, צו לערנען און שטראָפן, און צוריק פירן דאָס פאָלק אויף די וועגן פון אמת, יושר און אמונה.

אָבער ווער איז ער, דניאל, און פון וואַנען קומט ער...?

— ווער זענען געווען זיינע עלטערן... און ווו האָט ער זיך געגרייט צו זיין אויפגאַבע...? דאָס האָט קיינער נישט געוווּסט.

אַזעלכע און אַ סך אַנדערע פראַגן האָבן געעקבערט לערנער און לומדים, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען נאָכצופאָרשן דניאלס וועגן.

אָבער דניאל איז ווי אַ ווינטשפינגערל. אָט באַווייזט ער זיך, און באַלד פאַרשווינדט ער. ערשט צעקלינגט ער זיין מאַגישע שטים ביים כותל, און באַלד שפּאַנט ער גאָר נעבן קבר פון זכריה הנביא. אָט איז ער ביים טויער פון רחמים, און פלוצלונג ווערט ער פאַרשוווּנדן...

אויך אַזוי אומגעריכט, האָט ער זיך באַוויזן אויף די גאַסן פון ירושלים.

דאָס איז געווען אַ האַרבסטיקער פאַרמיטאָג, ווען די גאַסן זענען געווען באַלעבט מיט מאַסן היימישע און צוגעפאָרענע. מוטערס האָבן געשטופּט הויכע וועגעלעך און אַרום זענען געלאָפן קינדער מיט שול-העפטן. פון זייטיקע גאַסן זענען אָנגעקומען ייִנגלעך מיט געדרייטע פאהלעך

און זיידענע קעפּעלעך. די זון האָט נאָך געשטראַלט מיט אַ שאַרפער וואַרעמקייט, כאָטש עס האָט שוין געהאַלטן ביים אָנהויב פון די רעגנס.

דעמאָלט איז דניאל אַרויס אויף גאַסן און באַלד גע-צויגן די אויפמערקזאַמקייט פון דורכגייערס. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים קרייץ-וועג, וועלכער פירט צום הר-ציון, און פאַרטונקען זיין בליק איבער ווייטע בערג און טאָלן. שטייט ער אונטער אַ צעשטראַלטער זון און פילט נישט די שטראַלן. בליקט אויף באַלעבטע גאַסן, און רופט אויס — ״זיי געבענטשט, שטאָט פון דודן...״

גלייך דערוואַכט ער און בליקט אויף דעם באַנייטן ירושלים. דאַן הייבט ער אויף זיין קול און לויבט דעם בורא-עולם פאַרן גרויסן נס, וואָס דאָס פאָלק ישראל איז אויסגעלייזט געוואָרן... ווייל ווידער גייען אויף די קינדער פון ישראל דורך די זעלבע וועגן, דורך וועלכע עס האָבן מיט טויזנטער יאָרן צוריק עולה געווען די איינוווינער פון ישראל צום בית-המקדש.

אָבער שפּעטער איז געקומען נבוכדנצר, דער מלך פון בבל, און מיט פייער און שווערד פאַרכאַפּט דאָס לאַנד, חרוב געמאַכט די הייליקע שטאָט און פאַראומרייניקט דעם בית-המקדש.

דעמאָלט האָט דורך פאַרוויסטע גאַסן און מויערן זיך געשלייכט דער נביא און אויסגעוויינט זיין קלאָג-ליד:

״איכה ישבה בדד העיר...״

גלייך צעשיינט זיך דער בליק פון דניאלן, וועלכער הייבט אויף זיינע אויגן צו מזרח און מערב, צפון און דרום

און פון זיין מויל רייסן זיך אַרויס ווערטער פון טרייסט.

״ביסט שוין אָבער מער נישט קיין וויסטע אַלמנה — ירושלים! מיט גבורה און טיפן גלויבן האָבן די העלדישע זין פאַרהיילט די ווּנדן פון ליידנדיקן פאָלק, וועלכעס איז ווידער אַרויף אויף דער נחלה, וואָס גאָט האָט צוגע-זאָגט די אָבות פון יידישן פאָלק״.

לאַנג איז דניאל נאָך אַזוי געשטאַנען און גערעדט צו מענטשן, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהערט זיך צו די רייד פון פרעמדן מאַן... און זיך נישט געקענט אָפּ-רייסן... פלוצלונג האָבן פון זיין מויל אָנגעהויבן פליסן אַנדערע רייד.

״מה יאֹמרו הגויים?״ — ״וואָס וועלן אָבער פעלקער זאָגן... ווען אויך היינט אין אויסגעלייזטן לאַנד, ווערן ווי-דער אַוועקגעריסן יונגע לעבנס, וואַקסן אויס קברים פון אומשולדיקע העלדן, וועלכע האָבן נאָך אַפילו נישט פאַר-זוכט די פירות פון דער גאולה...״

אומגעריכט האָבן זיך וואָלקנס פאַרצויגן איבערן הימל, און באַלד האָט זיך צעגאָסן אַ רעגן, וואָס האָט געמבולט אָן אויפהער.

ערשט פאַר נאַכט, ווען עס איז געוואָרן פינצטער און דער רעגן האָט אַ ביסל אויפגעהערט, האָט דניאל דער-גרייכט צו זיין שטוב.

אַ דורכגעווייקטער איבערן גאַנצן קערפּער, איז ער אַריין אין שטוב. פון די קליידער האָט געטריפט רעגן-וואַ-סער, און דער גוף האָט געציטערט פון קעלט.

אָבער ער האָט זיך נישט אַוועקגעזעצט, נאָר גענומען

שפרייזן איבערן שטוב צו דערוואַרעמען זיין גוף. אין צווישן האָבן ווערטער זיך געריסן פון האַרץ:

"אָבער פאַר וואָס האָבן זיי עס נישט דערלעבט?".

"און אפשר איבערחזרן די פראַגע פון גדעון, ווען ער האָט געפרעגט דעם געטלעכן שליח:

אויב גאָט איז מיט אונדז, טאָ פאַר וואָס האָט דאָס אונדז אַלץ געטראָפן? ווו זענען אַלע געטלעכע ווונדער, וואָס אונדזערע עלטערן האָבן אונדז דערציילט?

פאַר וואָס האָסטו אונדז פאַרלאָזט און איבערגעגעבן אין די הענט פון שונא...?". (שופטים)

"אָ, מעג מען דען אַזוי רעדן, הייליקער רבי...?" — האָט פון דער האַלב-צעעפנטער טיר זיך באַוויזן אַ גע-שטאַלט פון אַן אומבאַקאַנטן און געלאָזט הערן זיינע ספי-קות.

"איז עס נישט קיין זינד, רבי?".

דניאל איז געבליבן שטיין מיט צעעפנטע אויגן, געוואָרפן מאָדנע בליקן צו דער טיר, ווו עס איז געשטאַנען אַ בחור און געוואַרט אויף אַ תשובה.

"אַ זינד? ניין! נישט מיר האָבן געזינדיקט. נישט מיר".

און דניאל האָט גענומען זיך שנעל אָנטאָן. אַרויפגעצויגן ווידער די נאָך פייכטע מלבושים און אַוועק מתקן זיין חצות...

# די לעצטע תפילה

און עס האָט אויסגעזען, ווי עס וואָלט ווידער לעבעדיק געוואָרן די געשטאַלט פון ירמיהו, אַ תחית המתים פון גרויסן נביא, וועמענס רייד האָבן ווי דורך אַ ווידער-קול אָפּגעקלונגען דורך דער ברוסט פון דניאלן. גאָר נישט ווי ווערטער, נאָר ווי אַ שטורעם וואָלט צעריסן וואָלקנס, און צעפּלייצט אַ שלאַקס-רעגן מיט דונערן און בליצן. אָבער דונערן, וועלכע ברענגען נישט קיין חורבן, נאָר גלעטן ווי ווייכער סאַמעט, צעוואַרמען הערצער און פּילן אָן מענטשן מיט אַ גלויבן, אַז אָט... וועלן געשען געטלעכע וווּנדער.

נישט קיין וווּנדער, וואָס דער פּלאַץ נעבן כותל איז אַפילו אין פראָסט-וואָכעדיקע טעג געוואָרן אויסגעפילט דורך מאַסן מענטשן, וועלכע זענען געשטאַנען מיט אָפענע הערצער און פאַרריסענע בליקן צום משולח, וועלכער איז ווידער געוועזן פאַרטאָן אין אַ שמועס מיטן... כביכול.

דניאל האָט גערעדט מיט אַ מאַגישער שטים, אַדורכ-געפלאָכטן פסוקים, רמזים. אָט לויבט ער דעם באַשאַ-פער, באַלד שליידערט ער טענות און בעט זיך גלייך איבער, ווי אַ זון מיט אַ פאָטער.

״זינגט אויס מיט פרייד, איר איינגעזאַמלטע פון פאַר-וואָגלטן פאָלק. הערט ווי עס שאַלן שופרות. זעט ווי עס

טאַנצן די טעכטער פון ציון, ווייל ירושלים האָט זיך אויף אייביק אָפגעשאָקלט פון טרויער און די געטלעכע שטאָט האָט אויפגעהערט צו זיין אַ וויסטע אַלמנה".

האָבן געשטראָמט צעוואַרעמטע טענער צו הערצער פון מענטשן, אַרומגעכאַפטע פון דניאלס ווערטער, וועלכע האָבן געאָטעמט מיט פיבער.

"הונדערט דורות, ווי מיינע ברידער האָבן געלעבט מיט דער האָפענונג אויסגעלייזט צו ווערן, צוריק קומען אין לאַנד, וואָס גאָט האָט צוגעזאָגט אונדזערע אָבות, ביז דער אַלמעכטיקער האָט מיליאָנען פון זיי ביטער באַשטראָפט. אַזוי ווי משה רבנו, נישט אַריבערצוטרעטן די ערד פון הייליקן לאַנד.

דאָך פרעג איך דיך, האַר פון דער וועלט, וואָס קיין שום פאַרבאָרגענע געדאַנקען קען מען פאַר דיר נישט פאַרהוילן, דיך, מלך מלכי המלכים! וואָס אַלץ ווערט אָנגעפירט לויט דיין ווילן, דיך, גאָט פון חשבון, וואָס פאַרצייכנט און חתמעט, ציילט און מאָנט אויף די זינד פון פאָטערס ביזן דריטן און פערטן דור.

דערפאַר ווייסטו דאָך אַוודאי, ווי אונדזערע טאַטעס און זיידעס האָבן אין דיר געגלויבט, געבעטן און געהאָפט צו דיר, אַפילו ווען דער מלאך-המות איז שוין געשטאַנען הינטערן קאָפּ, ווען דער שטן האָט שוין אויסגעטאַנצט דעם שדים-טאַנץ איבער צעפייניקטע גופים, האָט זיך נאָך פון זיי זיך געריסן... "שמע ישראל ה' אלוהנו ה' אחד..."

"איך האָב דיך גערופן, גאָט! אָבער האָסט מיר נישט געענטפערט".

״איך האָב געבעטן צו דיר טעג און נעכט, זומערס און ווינטערס. דיך געזוכט אין קאַלט-פּראָסטיקע נעכט, ווען ווילדע חיות האָבן געזוכט מיין קערפּער, און אין הייסע מדבר-טעג, ווען מיין גומען איז אויסגעטריקנט געוואָרן פון היץ. איך האָב גערעדט צו דיר, גאָט, דורך פרייד און טרויער, דורך תפילה און טרערן, דורך הויכע ווער-טער און שטילן געבעט, און האָסט מיר נישט געענטפערט״.

ווען פון הימל האָט אָפּגעשלאָגן אַ שיין פון אַ צע-רויטלטער זון, וועלכע האָט זיך געטונקען אין שקיעה-שטראַלן, האָט דניאל איבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ. מיט זיין מיסטישן אויסזען האָט ער אויסגעזען ווי אַ כהן גדול ביי דער עבודה.

״אַ נביא וועל איך זיי אויפשטעלן פון צווישן זייערע ברידער, און וועל אַריינגעבן מיינע ווערטער אין זיין מויל, און ער וועט רעדן מיט זיי, וואָס איך וועל אים באַפעלן...״ — דערמאָנט דניאל אַ פּסוק פון שופטים.

אַ טייל פון די מענטשן האָבן טאַקע דערזען אין דניאלן יענעם נביא, וועלכן ער האָט אָקאָרשט געשילדערט. אָבער אומגעריכט האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. איינער, אַ פרומער בעל-קנאי, האָט זיך דורכגעריסן צווישן עולם און מיט אַ צאָרנדיקער שטימע גערופן:

״געדענקט, יידן! ער איז אונטערגעשטעלט דורכן שטן. אַ חוטא והחטא את הרבים״.

״גאָטעניו... גיב מיר כח צו שטיין אויף דער וואַך״ — האָט דניאל נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם צווישנרוף און דערנאָך געבעטן מיט אַ שוואַך קול:

„מי יעלה בהר ה׳, ומי יקום במקום קדשו. פיר מיך גאָט, צוריק צום באַרג, פון וואַנען דו האָסט אונדז אויסגעקליבן אַלס פאָלק״.

און באַלד האָט ער זיך צוריקגעצויגן, אַוועק אין אַ ווינקל לינקס פון כותל, איז אַריין אין אויסגעהוילטן חדרל הינטער דער וואַנט, זיך אָפּגעשלאָסן דאָרטן מיט די יאָרצייט-ליכט, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט געברענט, און זיך פאַראייניקט מיט די אַלע ספרי-תורה, וועלכע זענען געשטאַנען פאַרטראַכטע און שווייגנדיקע...

# ב ע נ ק ש אַ פ ט

זענען אָנגעקומען נייע, האַרבסטיקע טעג, וועלכע האָבן זיך געבלעטערט מיט ענלעכע געשעענישן, ווי די פריערדיקע. די טעג זענען אויסגעפולט געוואָרן מיט אַרבעט, האַנדל, מען איז עוסק אין תורה, אין לערע. אַזוי גייען די טעג צופרידענע און טרויעריקע, דאָס לעבן איז דאָך סיי ווי נישט געווען נאָרמאַל. מען האָט זיך בלויז געהאַט צוגע-ווינט אויסצומישן רויקע טעג מיט גרענעץ-שיסערייען.

פאַרמישט זיך טרויער צווישן פרייד, און וואָכעדיקע טעג ווערן גאָר אויסגעפילט מיט קדושה, ווייל אין אַלע טעג פון דער וואָך שטופּן זיך יום-טוב-געקליידטע מענטשן צווישן אַלטע גאַסן. טיילן זיך אויס פרומע יידן, מיט שיין צעקעמטע בערד, שפּאַצירן מיט זייערע עלעגאַנט-צניעות-דיקע פרויען מיט שייטלען, וועלכע מען קען נישט אונטער-שיידן פון אייגענע האָר. עלעגאַנטע פרומקייט.

און דאָך זעען זיי סיי ווי אויס אַלט-מאָדיש אַנטקעגן די אַנדערע, קוים-אָנגעטוענע פרויען מיט תאוותדיקע בליקן, וועלכע פאַרשעמען אַפילו די שטומע שטיינער פון ירושלי-מער גאַסן.

פון הימל האָט אַראָפּגעבליקט אַ פאַרנאַכטיקע זון. פאַררויטלטע שטראַלן האָבן אָפּגעשיינט איבער הויכע און

נידעריקע הייזער, איבער רונדיקע און שפּיציקע טורעמס, געטונקען זיך און געטאַנצט, ווי זיי וואָלטן נישט וועלן זיך שיידן מיטן טאָג. אָבער באַלד האָבן זיך אַרומגעכאַפּט טאָג מיט נאַכט, וואַרפנדיק שנירלעך ליכט אין בין-השמשות. אַזוי פאַרגייט דער טאָג, אַ באַשיידענער, פּונקט ווי נעכטן. און באַלד לעשט זיך דער הימל מיט שטיקער וואָלקנס, און נאָך איידער מענטשן זענען דערגאַנגען צום כותל זענען זיי דורכגעווייקט געוואָרן פון אַ צעפּלייצטן רעגן.

גיך האָט זיך פאַרמישט זון מיט רעגן. דורכגעווייקטע מתפּללים האָבן זיך געשטופּט נעבן די אַלטע גראַניט-שטיי-נער, נעבן וועלכע דניאל האָט שטיל געשעפּטשעט אַ תּפילה.

מענטשן האָבן טאַקע געהאַלטן פאַר אַ זכיה צו געפינען זיך נאָענט אַרום אים, צו הערן דניאלס ווערטער, און בליקן אויף זיין צעשטראַלט פּנים, פון וועלכן עס פליסן רייד, ווי פון אַן אָפּפרישנדיקן קוואַל. ווייל ווען דניאל רעדט, פילן מענטשן, אַזוי ווי זיי וואָלטן אין אַ חמסין-טאָג געשטאַנען אונטער אַ שפּרודלדיקן וואַסערפאַל, און קאַלטע שפּריצן גלעטן דאָס לייב. נישט בלויז דער גוף ווערט אָפּגעפרישט, נאָר אויך די נשמה איז זיך מחייה. מען פילט ווי אַלץ אַרום ווערט באַלעבט מיט רוחניות, ווי הימלען וואָלטן זיך צעעפנט, די זון וואָלט אַרויס פון איר שייד און דער מענטש באַקומט פליגל צו דערהייבן זיך צו עולמות העליונים.

אַזעלכעס האָבן דערפילט מענטשן, וועלכע האָבן זיך דערנענטערט צו דניאלן. סיי די, וועלכע האָבן אים געהערט ביים כותל, סיי די, וועלכע האָבן אים באַגעגנט אויף

גאַסן, אָדער ביי די טויערן פון ירושלים ביים תיקון חצות. מען האָט דערפילט, אַז ער טראָגט טאַקע מיט זיך אַ סוד, עפּעס אַ שליחות, אַלץ האָט באַקומען אַ דאַנק דניאלן אַ ניי ליכט — אַזוי דאָס לעבן, די וועלט און דאָס יידישע פאָלק. אַפילו פרייע מענטשן, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין געמיינזאַמס מיטן עול פון תורה, האָט דניאל אויך אין זיי דערזען גלייכע שותפים צו גאָטס חסד, ווייל יעדער ייד טראָגט אין זיך אַ שטיק געטלעכקייט — האָט דניאל געטראַכט וועגן פרייע מענטשן.

גאַנץ אַנדערש האָבן עס אָבער פאַרשטאַנען די עקס־טרעם פרומע, וועלכע האָבן אויפגענומען דניאלס רייד אַלס גאָטס־לעסטעריי... „שליח פון שטן". זיי האָבן געגלויבט, אַז ער איז געקומען אַרונטערצורייסן די אמונה און דערפאַר האָט מען אָנגעהויבן רעדן קעגן דניאלן מיט שנאה און אַפילו מיט דראָונגען.

„אויב ער וועט נישט פאַרשווינדן, וועט מען דאַרפן טאָן, ווי צדקיהו האָט געטאָן מיט ירמיהון..."

און זיי האָבן נישט גערוט.

געווען איז עס אַ שבת, די זון איז שוין נישט געווען אַזוי שפּיזיק און האָט מער נישט אַזוי געמאַטערט. דע־מאָלט האָט מען עס אין פרומע שטיבלעך און בתי־מדרשים געלייענט קול קוראס צו אַלע איינוווינער פון דער פרומער שכונה:

„איך אַליין האָב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען" — אַזוי האָט אָנגעהויבן אַ ישיבה־בחור, וועלכער איז פריער אַליין פאַרכאַפּט געווען פון נסתרס סודותפולע וועגן, און

האָט אַפּילו געהאַט איבערגעלאָזט דאָס לערנען. ווענדיק זיך דערנענטערן צו דניאלן, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט צווישן בערג אַנטקעגן דניאלס ״פּאַלאַץ״, כּדי אַזוי אַרום נאָכצופֿאָרשן זיינע וועגן, ביז איין מאָל, ווען דניאל האָט זיך פֿאַרזאַמט ביי חצות, איז ער איבערגעטראָטן די גרענעץ פֿון דניאלס שטיבל.

עס איז געווען אַ פֿאַרוואָלקנטע נאַכט, ווען שטערן האָבן זיך באַהאַלטן הינטער די וואָלקנס. אין דער דאָזיקער טונקלקייט האָבן זיך שאָטנס צעלייגט אַרום די בערג און די ביימער האָבן אויסגעזען, ווי לעבעדיקע וועזנס וואָלטן זיך באַוועגט.

״כאָטש איך בין נישט קיין ציטערדיקער, דאָך האָב איך אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און געבעטן ״ה׳ ישמרנו מכל צרה״... היט מיך פֿון אַלעם בייזן, גאָט! און דעמאָלט האָב איך ערשט דערפֿילט אַ שוואַכקייט, נישט קענענדיק זיך באַהערשן, בין איך בלויז צוליב נייגעריקייט אַריין אין שטוב פֿון דניאלן.

די טיר האָט זיך מיר לייכט געעפֿנט און גלייך האָב איך זיך אָפּגעשטעלט און מורא באַקומען. מען מעג דען אַריין צו יענעם ביי נאַכט? און טאָמער חלילה קומט ער טאַקע, וואָס וועל איך אים זאָגן?

אָבער גאָט ווייס, אַז איך בין ריין פֿון זינד, איך האָב בלויז געוואָלט שטילן מיין נייגעריקייט, צו דערגיין די דרכים פֿון אַ הייליקן מאַן.

אינעווייניק, אין שטיבל, איז געווען פֿינצטער און אָרעם. אַזוי לעבט אַ נסתר. אַ נזיר! אויפֿן טיש ליגן אָנגעוואָר-

פענע ספרים, אַ צעעפנטער זוהר, אַ פלאַש וואַסער מיט אַ ליכט אויפן טיש. אויך צוויי פאָר תפילין צעוויקלטע זענען געלעגן אין דער זייט.

דאָס איז אַלץ? האָב איך זיך אַליין געפרעגט, אָבער ניין! ווייל פלוצלונג האָב איך באַמערקט אַ קליין שענקעלע, וואָס זעט אויס ווי אַן אָרון-קודש, נאָר אָן אַ פרוכת. מיין נייגיר האָט מיך געוואַלדיק געשטויסן, ביז איך האָב געגעבן אַ צי דאָס טירל, און גלייך געבליבן נבהל ונשתומם פון דעם, וואָס מיינע אויגן האָבן דאָרט געזען...

יריעות! אָפּגעברענטע שטיקער פון דער הייליקער תורה. איך האָב גענומען נענטער דאָס ליכטל און דערזען אַ שטיק פרשה מיט עשרת הדיברות, פסוקים פון עקידת יצחק און נאָך אַ סך בלעטער פון ספרים, אָפּגעזענגטע און האַלב פאַרברענטע. דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט און דאָס האַרץ האָט פשוט פאַרקלעמט פאַר ווייטיק.

און ווען אַ מענטש הייבט שוין אָן זוכן, מוז מען שוין ווייטער גיין. שטופּ איך מיין רעכטע האַנט אַלץ טיפער; דערווייל האָב איך אָבער מורא, טאָמער קומט ער טאַקע אָן. בין איך דאָך אַ גנב! אַ ישיבה-בחור מיט צוויי געלאָקטע פיאות — אַ גנב! און דאָ גיב איך אַ שטופּ טיפער די האַנט, און עפּעס אַ האַרטע זאַך פאַלט מיר אַריין. האָב איך אַ צי געטאָן און אַרויסגעשלעפּט. גאָר אַ שוך, אַ קינדיש שמוציק שיכל ליגט צווישן הייליקע ספרים, רחמנא ליצלן.

גאָט מיינער! — האָב איך מיר פאַרשטעלט די אויגן פון צער. דער קאָפּ האָט געשווינדלט און נישט געוווּסט וואָס צו טאָן. אָבער מיט די לעצטע כוחות האָב איך אַלץ

צוריקגעלייגט אויפן אָרט און, אַרויסלויפנדיק אויפן גאַס, זיך צעשריגן אין דער פינצטער:

עוכר ישראל! האַנט פון שטן, גאָט זאָל אים דערפאַר באַצאָלן. געהערט עפּעס אַ שמוציקער שוך זאָל ליגן צווישן הייליקע ספרים, גאָט אַליין זאָל אים באַצאָלן דערפאַר״.

אין דער פרומער שכונה האָט מען מער נישט געדאַרפט. אַ פייער האָט אַרומגעכאַפּט יונג און אַלט. מען האָט אויס־גערופן אַ תענית און געשווירן, פאַר יעדן פרייז, צו דער־ווייטערן דעם זינדיקן פון דער הייליקער שטאָט.

אַ פייער האָט זיך צעפלאַקערט און האָט געברענט אין הערצער פון די גאָר פרומע. עס האָט אויסגעזען, אַז מער קיין זאָרגן האָט מען נישט, אויסער אָפּצוזונדערן דניאלן, אַז די שריפה זאָל חלילה נישט אַרומכאַפּן די פרומע יידן. עס זענען טאַקע געווען גענוג דערוואַקסענע און ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן דווקא געגלויבט אין דניאלן, אַז ער איז אַ הייליקער, אַ געשיקטער פון אייבערשטן, ווייל אַזעל־כע זאַכן מאַכן זיך קיין מאָל נישט אָן דער השגחה.

אָבער דאָך האָט די געשיכטע מיטן שוך זיך שנעל נישט געלאָזט פאַרווישן און באַרויקן.

# אַ צעשטורעמטע נאַכט

אומבאַמערקט זענען אַוועק די הייסע טעג, אין וועלכע עס איז שווער געווען צו אָטעמען. אַ סך פריער ווי אַמאָל, נידערט שוין די זון און פאַרקריכט ערגעץ הינטער ווייטע בערג.

און כאָטש דער שבת איז אַוועק, האָט דניאל נישט געהאַט אָנגעצונדן קיין ליכט. אַז צו וואָס אַריינפירן וואָכע-דיקייט, האָט ער געטראַכט, ווען זיינע טעג גייען סיי ווי אַוועק מיט הוילע תפילות.

פאַרמישן זיך ווידער ביי אים די טעג מיט די נעכט, די זון מיט וואָלקנס, אַ שבת מיט וואָכעדיקייט און דניאל בליקט ווידער צו הימלען, רעדט צום בורא-עולם, און איז גאָר נישט זיכער, אַז ער געהערט נאָך צו דער ערדישער וועלט.

ווי אַנדערש האָט דען געזאָלט קלערן אַ מענטש, וועל-כער לעבט מער מיט די הימלען, ווי מיט דער ערדישער וועלט. ווייל זינט דניאל האָט געזען די מענטשלעכע סקע-לעטן, פאַרקוילטע קערפּערס, איז ביי אים אַוועקגענומען געוואָרן די מחיצה צווישן הימל און ערד, אַלץ ווערט סיי ווי געריכטעט פון אויבן.

און דאָך זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן אים

אַפילו דאָס ביסל ערדיש לעבן נישט פאַרגונען און אָנ־געהויבן קעגן אים העצן, באַליידיקן און רופן דניאלן ״פאַל־שער נביא״. זייט דאַן, פאַרלאָזט ער מער נישט זיין שטיבל, נאָר שפרייזט אויס זיינע טעג אין צער. ביי יעדן טראָט — אַ תפילה; נאָך יעדן בליק — אַ פסוק. ביז ער ווערט אין גאַנצן פאַרטראָגן אין אַנדערע וועלטן.

לעבט דניאל אויס זיינע טעג אין איינזאַמקייט, בלויז מיט זיך, ווי ער וואָלט געווען אָפּגעריסן פון מענטשן, פון אַ ישוב. אָבער דערפאַר דריקט אויף אים נאָך מער דער אומעט, עס בענקט זיך אים נאָך אַ מענטשלעכן קלאַנג, נאָך ווערטער, וועלכע זאָלן אָפּקלינגען אין די אויערן. אָבער דערוויל קלינגען נאָך יענע זידל־ווערטער, מיט וועלכע די קנאים האָבן צעווייטיקט זיין נשמה.

״פאַרטרייבט אים פון וואַנען ער איז געקומען...״

דערפאַר בלייבט דער איינזאַמער דניאל ביים אָפענעם פענצטער, מיט אַ צעבלעטערטן מדרש, און בעט צו גאָט...

״שטראָף זיי כאָטש נישט דערפאַר, פאָטער אין הימל...״

אָבער מיט עטלעכע גאַסן ווייטער, ברויזן זיי נאָך אַלץ — ״פאַלשער נביא״, זאָגט מען אויף דניאלן, אַ שליח פון שטן, וועלכער וויל אַראָפּפירן פון ערלעכער אמונה.

אַזוי צאָרנט מען קעגן אים אין די פרומע שטיבלעך, אין בתי־מדרשים, אין פרומע הייזער — ווו עלטערע חסידים מיט צעפלאַמטע בליקן, ישיבה־בחורים מיט ווייסע זאָקן און קוים שפּראָצנדיקע בערדלעך, און אַפילו חדר־יינגלעך מיט געלאָקטע פאהלעך היטן אויך, אַז מען זאָל חלילה נישט אַריינברענגען קיין זינד אין פרומע הייזער.

אָבער דערפאַר ווערט דניאל, דער משולח, באַגערט דורך פאָלקס-מענטשן און יוגנט, דורך מענער און פרויען פון שטעט און ישובים, וועלכע האָבן דערפילט אין דניאלן אַ בריק פון די אומגעקומענע ברידער צו די באַפרייטע מענטשן אין מלכות ישראל.

און דאָך, איז ער אַלץ געבליבן אָפּגעזונדערט, אָפּגע-שלאָסן פון דער אויסערלעכער וועלט, אָפּגעריסן פון דער גאַס, פון מענטשן, אַפילו פון די, וועלכע באַגערן און זוכן אים, דעם משולח, וועלכער איז געקומען מיט אַ שליחות, נישט אָפּגעזונדערט צו זיין, נאָר קומען צווישן פאָלק און דערמאָנען, וואָס דער נייער עמלק האָט געטאָן צום פאָלק ישראל... מיט אַ שליחות בעטן צו גאָט און מאָנען פאַר מיליאָנען אומשולדיקע און נישט לאָזן פאַרגעסן.

דאָס רוב מענטשן האָבן טאַקע, מיטן באַווייזן זיך פון דניאלן צווישן די אַלטע מויערן, דערזען אַ ניי ליכט, וואָס שיינט אויף צווישן פאָלק. מען האָט דערפילט, ווי עס לעבט אויף דער גייסט פון די פאַרפייניקטע, ווייל ווער נאָך ווי ער, האָט מיטגעלעבט אי די גסיסה פון פאָלק, אי דעם ווידערגעבורט פון אַ טייל מענטשן, וועלכע זענען פון קאַלך-אויוונס אויפגעשטאַנען צו אַ באַנייט מלכות.

איז געקומען דער משולח דניאל, אַליין אַן אָנגעזאַפּטער מיטן צער פון גרויליקע נעכטנס און אָנגעהויבן אָטעמען מיט דער לופט פון אויפגייענדיקן מאָרגן.

מיט זיין באַווייזן זיך האָבן ווידער אויפגעלעבט גע-שטאַלטן פון די נביאים, וועלכע האָבן בעתן מלכות, און שפּעטער נאָכן חורבן, געטראָגן גאָטס וואָרט צום פאָלק

פון ישראל, צעווייטיקטע און רעזיגנירטע האָבן זיי אַרומגע־רינגלט די אָבלים מיט אַ טרייסט, מיטגעשפּאַנט מיט זיי איבער די גאַסן פון חורבן ירושלים, זיי געוועקט און גע־מונטערט אָפּצוהיטן דעם הייליקן פלאַם פון אמונה, און געברענגט אַ טרייסט, אַז עס וועלן קומען טעג, ווען אַ שעפּס מיט אַ וואָלף וועלן הויזן צוזאַמען און די וועלט וועט זיין פול מיט צדק און גוטסקייט.

אין די זעלביקע טעג, ווען די שטאָט האָט ווידער זיך אויפגעהויבן צום לעבן, אָפּגעשאָקלט פון זיך דעם טרויער, און אַריינגעוועבט זיך צווישן פרייד און גבורה, האָט דער משולח געפּרוּווט אויפלעבן טעג פון נביאות, צו וועלכע דאָס פאָלק בענקט זייט טויזנטער יאָרן. האָט ער אָבער גאָר דערצאָרנט אַ טייל קנאים, וועלכע האָבן אים גאָר באַגעגנט מיט צאָרנדיקע רייד.

״דער איז נישט קיין משולח! נישט קיין נביא... נאָר אַ פאַלשער מאַן, וועלכער וויל ברענגען אומגליק אויף דער אמונה...״ — האָבן זיי געזאָגט.

מען טאָר נישט גלויבן אין אים, ווייל מען ווייס נישט פון וואַנען ער קומט... און ווּ האָט ער זיך געגרייט צו דער שליחות?...

אָבער נישט לאַנג איז אַוועק און זיי אַליין האָבן באַ־דויערט, איינגעזען זייער טעות אין דניאלן, דעם ערלעכן מאַן מיט דער צעווייטיקטער נשמה, וועמען זיי האָבן פאַר־שאַפט אומזיסטע ליידן, מיט זידלערייען, וועלכע ער האָט איבערגעווייטיקט. זיי האָבן זיך שנעל איבערצייגט אין דער ערלעכקייט פון דניאלן, וועלכער איז צוזאַמען מיט גע־

שענדטע הייליקייטן, מיט נישט דערברענטע יריעות, אַרויס פון אַ קאַלך-אויוון און געקומען צום באַרג פון גאָט.

אָבער פונקט ווי דניאל האָט נישט געוואָלט זיין נאָענט פריער, בעת מען האָט אים אומשולדיק געזידלט, און אויס-געטראַכט בילבולים, אַזוי האָט ער אויך איצט זיך נישט געוואָלט דערנענטערן און געוואָלט אויך ווייטער בלייבן אַליין מיט זיך, אויסטראָגן אין זיין נשמה דעם צער פון פאָלק, ווי אַ געבונדענער שעפּס, קעגן אַ סטאַדע וועלף, האָט ער זיך געהאַלטן. דאָך טראָגט ער חלילה נישט צו קיינעם קיין האַס. אַפילו נישט צו די, וועלכע האָבן אים גערופן ״האַנט פון שטן״ און בעט נאָך צום אַלמעכטיקן, ער זאָל זיי מוחל זיין.

פון דרויסן האָט אַריינגעקוקט אַ שטילע נאַכט. שוין ווידער ענדיקט זיך אַ שבת, ווי דניאל בלייבט אַליין, בלויז מיט זיך. כאָטש ער הערט דעם אָפּקלאַנג, ווי עס ווערט אַריינגעפירט די נייע וואָך.

אויף די גאַסן פון ירושלים רוישט עס מיטן אָנהויב פון אַ נייער וואָך. פאַמעלעך פילן זיך אויס גאַסן מיט יוגנט, עלטערע און קינדער, וועלכע שפּאַנען צו קלובן און פאַר-ווייַלונגס-זאַלן, כאָטש דאָס אַנדערע — פרומע ירושלים — האָט זיך נאָך נישט באַוויזן אויסצוטאָן פון דער ״שבת-דיקער קדושה״. מאַמעס שעפּטשען נאָך ״גאָט פון אַברהם, פון יצחק און יעקב״, און באַשטריימלטע יידן, אין שבת-דיקן זיידנס, קלייבן זיך ערשט צו מלוה-מלכה...

בלויז ער, דניאל, שטייט אַליין אין אַ פינצטער שטיבל, אָפּגעריסן פון אַלע, סיי פון שבתדיקע יידן, און סיי פון

די מאָדערנע. זיין האַרץ איז נאָר אויסגעפּולט מיט אַ ווײי-
טיק פאַר יענע פאָלקס-יסורים פון נעכטן.

„דער אַש טליעט נאָך" — טראַכט ער, און ציטערט
גאָר פאַר פרישע צרות.

„זאָלן שוין אויפהערן יסורים פון פאָלק ישראל" —
בעט ער און וויינט אויס דעם צער פון אומשולדיק בלוט.
פאַלן ווידער זין און טעכטער. מען פייניקט זיינע ברידער.

שטעלט ער זיך אַוועק און בעט צו גאָט, און דערביי
שטורעמט ער מיט טענות... עד מתי? נאָך ווינציק קרבנות?
אָבער פלוצלונג צעשטראַלט זיך זיין פּנים; עס פאַרשווינדט
די עצבות, וועלכע האַלט אים שוין וואָכן אין קלעם. די
אויגן זיינע בליצן אויף מיט האָפענונג און אַ פרייד האָט
אויפגעטויכט אין מח.

פאַרמאַכט דניאל דעם זוהר. לייגט אַוועק אין אַ זייט
דעם מדרש, אין וועלכן ער איז אַריינגעטאָן פון סאַמע פרי-
מאָרגן, ציט אַרויף אַ וואַרעמען בגד און פאַרלאָזט זיין
שטוב.

ער קומט אַרויס אין גאַס ווי אַ ניי-געבוירענער און
שפּאַנט איבער גאַסן און געסלעך, אָטעמט איין אַ שאַרפע
האַרבסט-לופט, וואָס האָט אים אַרומגענומען און באַגלייט
אויף וועגן, איבער וועלכע עס וואָלקנט זיך אַ פאַרנעפּלטער
הימל.

שפּרייזט דניאל מיט אייליקע טריט, ווי ער וואָלט
דעריאָגט יענע אַוועקגעגאַנגענע טעג, אין וועלכע ער איז
געווען אָפּגעשלאָסן, און פילט גאָר נישט דעם שניידיקן
ווינט, וועלכער פאַרמישט זיך שנעל מיט נאַסע טראָפּנס.

פלוצלונג פאַרהאַלט ער זיך אונטערן רעגן און אָטעמט מיט מחשבות: אַז מען וויל מיך נישט. צו וואָס קעמפן? קען טאַקע זיין, אַז די צייט איז נאָך נישט פאַר נביאות.

נאָך טאַקע פרי! — איז ער מסכים מיטן אייגענעם געדאַנק, ווייל די צייט איז דאָך אַנדערש. די מענטשן זע-נען אַנדערע ווי אַמאָל. די וועלט איז אַנדערש, און אַפילו דער כביכול אַליין איז אויך נישט ווי געוועזן.

ווען נישט, וואָלט "ער אויבן" דען דערלאָזט צום גרויסן בראָך? ווען נישט, וואָלטן דען פרומע יידן אויף אים אָנ-געפאַלן?

און אים, קיינער דאַרף אים נישט, טאָ ווו אַהין שפרייזט ער? און אפשר צו פרייע מענטשן? אָבער נביאות אָן גלויבן — טראַכט ער — איז קיין נביאות.

אין צווישן די מחשבות האָט פלוצלונג אויפגעטויכט דער פסוק: "איך בין דער גאָט, וואָס הייליקט אייך..." (ויקרא).

אויב דאָס פאָלק דאַרף הייליקן זיין גאָט, דאַרף אויך דער כביכול נישט פאַרלאָזן זיין פאָלק... — טייטשט דניאל זיין אייגענעם פשט. דאָך, טראַכט ער, איז ער די בריק פון יענעם אַש, אין וועלכן עס איז צוריק אַריינגעבלאָזן גע-וואָרן אַ נשמה.

דניאל זעט דאָך באַשיינפערלעך, ווי די נישט דער-ברענטע זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים און געוואָרן אַ פאָלק צווישן פעלקער. עס ווערט באַנייט דאָס מלכות ישראל און יידן פון דער גאַנצער וועלט זענען עולה צום הייליקן באַרג, כאָטש דערווייל שטייט בלויז אַ וואַנט צווישן

חורבות, אָבער דאָך, איז זי אָנגעפילט מיט קדושה און האָפענונג...

דערווייל האָט זיך געשטאַרקט דער רעגן, וועלכער האָט געשמיסן אין פּנים, געקלאַפּט אין דער פּלייצע און נישט פאַרהאַלטנדיק זיך, האָט דניאל זיך אומגעקערט אין שטיבל.

וואַסערן האָבן געטריפט פון זיינע בגדים, פון דניאלן אין גאַנצן. ס׳האָט געווייעט מיט ווינט און פייכטקייט. אָבער נישט צוליב דעם איז ער דאָך צוריק געקומען. גלייך האָט ער צעעפנט די טירלעך אוֹן אויסגעפונען די שטיקער יריעות. אַרויסגענומען דאָס האַלב פאַרברענטע שיכל און געדריקט די הייליקע זאַכן צום האַרץ, ווי אַ פאָטער אַ צעפייניקט קינד. דערביי האָט ער געמורמלט ווי צו לעבע-דיקע...

״יעדער דאַרף גיין זיין אָנגעצייכנטן וועג״; און גלייך האָט ער זיך געפרעגט, ״אָבער ווו געהער איך? צו דער דאָזיקער וועלט, וועלכע רינגלט אַרום דאָס לעבן? אָדער צו יענער, אַוועקגעגאַנגענער וועלט, וועמענס שטויביקער אַש איז צעשפּרייט איבער פעלדער און גריבער?״.

אין דרויסן האָט זיך אַלץ געשטאַרקט דער רעגן. אַ בליץ האָט צעשניטן די פינצטערניש און דונערן האָבן גע-קנאַלט, אַז דאָס שטיבל האָט אויפגעציטערט. אָבער נישט געקוקט דערויף האָט דניאל שטאַרקער אַרומגעגאַרטלט זיין גוף, אַרונטערגערוקט די הייליקייטן הינטערן בגד, און שנעל פאַרלאָזט דאָס שטילע, אָפּגעזונדערטע ווינקל.

אויפן גאַס האָט געשטורעמט, ווי הימל און ערד וואָלטן

מלחמה געהאַלטן. יעדעס מאָל האָבן בליצן זיך צעהעלט מיט אַ ליכט, ווי אין אַ זוניקן טאָג. אָבער דניאלן פאַר-האַלט עס נישט. ער זוכט אַפילו נישט קיין אָרט זיך צו באַשיצן, נאָר שוועבט פלינק איבער די פאַררעגנטע גאַסן, וועלכע פירן צו דער מערב-וואַנט.

שפעטער, האָט אַ ביסל זיך אָפּגעשטעלט דער שטורעם, אָבער ס'איז נאָך אַלץ געגאַנגען אַ דינער רעגן, וועלכער האָט געגאָסן אָן אויפהער, געשווענקט די זאַמדן און געוואַשן די אַלטע גראַניט-שטיינער פון כותל.

ווי אַן אויסגעבענקט קינד, איז דניאל צוגעפאַלן צו דער נאַס-קלעפּיקער וואַנט, וועלכע האָט צווישן רעגן-טראָפּנס אויך איינגעזאַפּט די טרערן פון משולח, וועלכע האָבן גע-פלייצט אין צעשטורעמטן חצות.

שטייט ער, איינער אַליין, אויסגעווייקט פון רעגן, אין תפילה. פּלוצלונג באַמערקט ער ווי אַ קליין שטערנדל וויל זיך דורכרייסן דורך די שוואַרצע וואָלקנס. אָט שיינט אַרויס אַ גלאַנץ פון אַ שטערנדל, אָבער באַלד פאַרשווינדט עס צווישן בייזן הימל. דערנאָך פּרוּווט עס ווידער דורכרייסן די שוואַרצע דעק. אָבער דער קאַמף איז אַ פאַרשפּילטער. פּלוצלונג געשעט אָבער אַ נס. דאָס קליינע, פאַרעקשנטע שטערנדל האָט דאָך אַרויסגעשיינט צווישן די וואָלקנס.

"ליכט" — צעשרייט זיך דניאל — "אמתע ליכט..." — און איז צופרידן מיטן זיג פון קליינעם שטערנדל, און פאַרגלייכט עס צום גורל פון יידישן פאָלק.

אויך דאָס קליינע פאָלק פון ישראל קעמפט אַלע

דורות מיט שוואַרצע וואָלקנס און באַלייכט חורבות, וועל-
כע עס לאָזן איבער די עמלקים.

פון דאַנען איז עס אייביק געקומען די ליכט. פון דאָ-
זיקן אָרט האָט עס אויפגעשיינט מיט אַ ליכט, וועלכע
באַלייכט די לעבנס-וועגן פאַר יידן און אַנדערע פעלקער.

״איז טאַקע אויף מיר אויסגעפאַלן דער גורל צו טראָגן
פונקען ?״, טראַכט ער. כאָטש ער אַליין, דניאל, טראָגט
נישט בלויז קיין פונקען, נאָר קאָכעדיקן אַש פון פאַר-
ברענטן פאָלק...

באַלד שטעלט זיך אָפּ דער ווינט, וועלכער ווייעט מיט
פייכטקייט און הערט זיך איין צו מחשבות פון אַ צעוויי-
טיקטן ייד. פון דער שטילקייט הערט מען, ווי עס אָטעמט
די וועלט. און פלוצלונג שאַלט אויף אַ קלאַנג, גלאָקן צע-
קלינגען זיך מיט אַ מאָנאָטאָנעם גלין-גלאָן, און דניאלן
ווערן איבערגעריסן זיינע מחשבות. אים דאַכט זיך, אַז ער
הערט ווידער דעם אָפּקלאַנג פון יענע גאָלדענע כלים, וועל-
כע נבוכדנצר האָט אַרויסגענומען פון בית-המקדש.

ס׳איז דער זעלביקער טרויער-קלאַנג — טראַכט דניאל
— אַזוי האָבן געקלונגען די גילדענע פאַנען, זילבערנע מנו-
רות, וועלכע די רשעים האָבן אַרויסגענומען פון הייליקן
הויז, זיי געשענדט און פאַראומרייניקט. דער זעלבער עכאָ
קלינגט אָפּ איבער אַלע דורות.

נעמט ווידער דניאל בעטן הויך, אויפן קול, ביז ער
פאַרשרייט זיך אַליין, כדי נישט צו הערן דעם ווידער-קול
פון די פאַרשוועכטע הייליקייטן, און דערמאָנט זיך ירמיהוס
קלאָגן.

"בכה תבכה בלילה..." — וויינען טוט זי ביי נאַכט, און אַ טרער איז אויף איר באַק.

צווישן מאַנאָטאָנעם קלויסטער-קלאַנג און ירמיהוס געוויין, לייגט דניאל צו דאָס אויער צום פאַרברענטן שיכל... און הערט עס אויך וויינען — דאָס וויינט די געדעכעניש פון דריטן חורבן.

דער הימל איז נאָך געוועזן אַ בייזער, ווי אָנגעפילט מיט מבול און באַלד צעגיסט זיך אַ פרישער רעגן. אָבער נישט בלויז פון הימל, נאָר אויך פון דניאלס אויגן, איבער זיינע באַקן. הימל און ערד האָבן זיך דאָ געוויינט און איינגעזאַפּט תפילות, געמישטע מיט טרערן פון משולח. דאַן איז דניאל שוין אַרונטער אונטערן אויסגעהוילטן ווינקל פון כותל און געבעטן:

"שטענדיק האָב איך דיך געזוכט, גאָט. אָבער איצט האָב איך דיך געפונען. כאָטש אומעטום האָב איך זיך דערנענטערט צו דיר. אָבער איצט דאָ ביסטו צום נאָענטסטן. האָסט מיר אַריינגעגעבן, גאָטעניו, אַ תשוקה צו דינען דיך... בכל לבבך ובכל נפשך, טראָג איך דיך טאַקע אין האַרצן, אלע טעג און אויף אַלע וועגן..." — אָבער באַלד קומט ער ווידער מיט טענות — "האָסט פאַרזען די יסורים פון איי-גענעם פאָלק, וועלכן דו אַליין האָסט אויסגעקליבן פון אַלע פעלקער" — און באַלד ווידער איבערגעגאַנגען בעטן מיט תחנונים, געשווווירן ביי הימל און ערד, אַז די השגחה מוז אויסהערן זיינע תפילות, וועלכע זענען דאָס געבעט פון פאָלק.

לאַנג האָט דניאל נאָך געבעטן, ביז ער איז אַ מידער

פאַרשטילט געוואָרן, אויך די הימלען האָבן געשוויגן. בלויז אַ שטאַרקער רעגן האָט נאָך געשמיסן אָן אויפהער, און געקלאַפּט איבער די דעכער און חורבות.

אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אָן באַוועגונג, ווי ער וואָלט דערוואַרט אַן ענטפער. אָבער אין צווישן האָט זיך דער-הערט עפּעס אַ שאָרך, און פון ווײַטן האָט זיך באַוועגט אַ געשטאַלט.

"אין אַזאַ נאַכט... ?".

דניאל האָט אַרויסגערוקט זײַן געזיכט, און באַמערקט, ווי פון ווײַטן האָט דורכגעשאָטנט אַ געשטאַלט, זיך דער-נענטערט צו דער וואַנט און אײַנגעקלאַמערט זיך אין איר מיט דביקות.

... ?

"זיכער אַ צדיק ! ? — האָט דניאל געטראַכט — ווער אַנדערש וואָלט אין אַזאַ צעשטורעמטער נאַכט געקומען מתפלל זײַן ביים כותל ?".

אין מוח פון דניאלן האָבן זיך געפלאָנטערט פאַרשיי-דענע מחשבות. אין צווישן האָט ער זיך געגעבן אַ ריס אויף, און אַ דרייסטער זיך דערנענטערט צום פרעמדן.

אָבער איידער נאָך דניאל האָט באַוויזן אַ וואָרט צו אַרויסרעדן, האָט אַ שיין געטאָן אַ לופע פון אַ רעוואָלווער.

— ווער ביסטו ?

ביידע געשטאַלטן האָבן זיך דורכגעשפּיזט. אָן לשון געשטאַנען איינער קעגן צווייטן אין דער פייכטער פינצ-טערניש, ביז דניאל האָט אַ זאָג געטאָן :

"אַ צדיק ביסטו, אומבאַקאַנטער מענטש! אין זכות פון אַזעלכע, האָט די וועלט אַ קיום".

דער אַדורכגעוויקטער פון רעגן אָפיציר האָט זיך אַ ביסל פאַרלוירן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און אַ פאַרשעמטער שטיל געזאָגט:

"אַ צדיק גאָר איך? אָ, ניין! אַפילו נישט קיין פרומער. נאָר עפּעס ציט מיך צו דער דאָזיקער וואַנט".

נאָך עטלעכע מינוטן האָבן זיי שוין געשמועסט ווי פריינט.

"איך געדענק", האָט דער אָפיציר דערציילט, "ווי עס וואָלט געווען נישט לאַנג. אפשר קוים פיר יאָר דעמאָלט געהאַט, ווען יידן-מערדער האָבן פאַר מיינע אויגן דערמאָר-דעט מיינע עלטערן".

"איצט, קלינגען נאָך אין מיינע אויערן זייערע געשריי-ען, געמישטע מיט שלעק און קוילן, וועלכע האָבן אַ סוף גע-מאַכט צום לעבן פון מיינע נאָענטסטע. ווי אַזוי בין איך עס, אַלס קינד, לעבן געבליבן?".

דער אָפיציר האָט גערעדט אָן אויפהער, און טרערן האָבן געפלייצט איבער זיינע באַקן, אים געשטיקט אין האַלדז, ביז ער האָט זיך אָפּגעדרייט אין אַ זייט און זיך צעוויינט אויפן קול.

דערביי האָט דניאל פאַרגעסן אין אַלץ און אַלעמען. ווידער האָבן פאַר אים אויפגעלעבט די יסורים פון דריטן חורבן.

"זיי געטרייסט, מיין זון" — האָט דניאל אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויפן אָפיציר.

"אַ הייליקער ביסטו! אַ צדיק. זיי מצליח אויף אַלע דיינע וועגן, זון מיינער! גאָט זאָל דיך געבן כח און גבורה..."

דניאל האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן און באַמערקט, ווי צווישן אַ געדיכטער פינצטערקייט האָבן געפערלט — יידישע טרערן. דניאל האָט זיך איינגעקוקט אין פנים פון דעם שטאָלצן ייד און דערזען... דעם ים פון יידישע טרערן, וועלכע פליִצן אָן אויפהער איבער אַלע דורות. אָבער אַנשטאָט טרויער, איז דניאל גאָר אָנגעפילט געוואָרן מיט טרייסט. יידישע גבורה!

"גאָט! ווי לאַנג נאָך וועלן מיר ליידן?" — האָט דניאל געפרעגט.

ווען דער אָפּיציר האָט צוריק געפונען זיין רויִקייט, אויסגעוויינט זיך נאָך אַזוי פיל יאָרן, האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט, און נישט אויפגעהערט צו רעדן צו דניאלן:

"עס ציט עפּעס אַהער, איך בין געווען פון די ערשטע, וועלכע האָבן אַרומגערינגלט די וואַנט. אַ צעבלוטיקטער אין דער לינקער האַנט, בין איך דעמאָלט געלאָפן אויפן הייליקן באַרג און געקושט די שטיינער. זייט דאַן, מוז איך איין מאָל אין חודש אַהער קומען און בעטן פאַר די נשמות פון מיינע אומגליקלעכע עלטערן. יתגדל ויתקדש שמיה רבה..."

דניאל איז געבליבן ווי פאַרגליווערט, ווייל ער איז נאָך אַלץ נישט זיכער, צי איז עס אַ קעמפער, אָדער אפשר טאַקע אַ פאַרשטעלטער צדיק?

"פאַראַן חברים, וועלכע לאַכן פון מיר — האָט דער אָפּיציר איבערגעריסן דניאלס מחשבות — אָבער איך מוז...

— האָט ער זיך מתוודה געווען, — איצט גיי איך אַוועק ווייט, איז כאָטש אין דער לעצטער נאַכט זיך אַהערגעכאַפּט צום כותל״.

ווען דניאל האָט אויפגעהויבן זיין בליק, איז דער אָפּי-ציר שוין געווען ווייט אויפן פּלאַץ. בלויז אַ שאָטן האָט אָפּגעשלאָגן פון דער ווייטער פינצטערניש.

״ניין... רבונו של עולם! היינט נישט״ — האָט דניאל אויסגערופן — ״היינט קען איך מער נישט בעטן, נישט וויינען, ניט שרייען צו הימלען, ווייל ווער בין איך עס, אַנטקעגן יענעם צדיק מיט דער ביקס; ער האָט שוין גע-בעטן פאַר מיר און פאַר כל ישראל. ווער בין איך דען קעגן יידישן קעמפער, וועלכער האָט שוין אַלס פּיר-יאָריק קינד איינגעזאַפּט די יסורים פון פאַרפייניקטע דורות. בענטש זיי, גאָט״ — האָט דניאל געבעטן — ״פאַר זיי, וועלכע זענען פון פיין אויפגעשטאַנען צו גבורה, פאַרהיט זיי, די העלדישע זין, וועלכע שיצן דיין פאָלק. נעמען זיך אָן פאַרן כבוד פון די געפייניקטע און באַליידיקטע און פאַרגעסן נישט אַפילו, אין די שווערסטע מינוטן, צו הייליקן דיין נאָמען. העלף זיי, גאָט!״.

די דאָזיקע נאַכט האָט זיך לאַנג פאַרצויגן. זיך גע-שלעפּט מיט שווערע טריט. פון אַרום די גרענעצן האָט אָפּגעהילכט אַ ווידער-קול פון שיסערייען, אויפרייסן. טייל מאָל האָבן ליכט-ראַקעטן באַלויכטן די פינצטערניש, אָבער דאָס פאָלק איז געשלאָפן מיט אַ רויקן שלאָף. ״הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל...״ העלדישע זין האָבן גע-האַלטן וואַך.

די לעצטע באַגעגעניש האָט דניאלן געהאַלטן ווי אין חלום. ער האָט דערפילט אַ דערהויבונג. ער וואָלט שוין איצט אַלץ מוחל געווען. אים אַרט שוין אַפילו נישט, וואָס מען זידלט אים, וואָס מען זאָגט אויף אים "פאַלשער נביא" און פלוצים האָט ער אויסגערופן מיט פרייד:

"אָ, ניין! די בריק איז נישט איבערגעריסן. ניין, גאָט! זיי וועלן קיין מאָל נישט פאַרגעסן ווערן. זיי לעבן ווידער, זיי לעבן אין די הערצער פון די העלדישע זין פון פאָלק, זיי לעבן אין דער גבורה פון די קעמפער און זענען שטענדיק מיט אונדז, צווישן אונדז, און באַגלייטן דאָס פאָלק אויף אַלע וועגן, ניין! די בריק איז נישט איבערגעריסן" — האָט דניאל אַלץ איבערגעחזרט, און אַרויסגעצויגן דאָס פאַר-ברענטע שיכל פון הינטערן בגד, אויפגעהויבן עס מיטביידע הענט אַנטקעגן מויער און געזאָגט:

"אַפילו דאָס דאָזיקע שיכל איז אַ בריק פון יענע קדו-שים... ס'איז אַ דערמאָנונג, ווייל נאָכן חורבן בית שני זע-נען איבערגעבליבן חורבות, גראַניט-מויערן, און די הייליקע שטאָט ירושלים, אָבער נאָכן לעצטן דריטן חורבן... קען אויך אַ שיכל זיין דערמאָנונג, ווי אַ ציגל פון דריטן חורבן".

אַ פאַרקלעמטער האָט דניאל זיך דערנענטערט צו דער מויער, אויסגעזוכט אַ גרויסע שפּאַרע אין כותל און מיט פאַרמאַכטע אויגן אַריינגעוואָרפן דאָס פאַרבלוטיקטע שיכל צווישן די גראַניט-שטיינער פון דער אַלטער וואַנט.

און ווען די מויער האָט איינגעשלונגען דאָס שיכל אין אירע אינגעווייד, און אַזוי אַרום פאַראייניקט דעם זכר פון חורבן בית שני מיטן איבערבלייבעכץ פון חורבן השלי-

שי, האָט די עפענונג זיך צוריק פאַרמאַכט. אַ שטערן האָט זיך צעלויכטן אויפן פאַרוואָלקנטן הימל און עס האָט אויסגעזען, ווי די וואַנט וואָלט גרעסער געוואָרן, און פון אינעווייניק האָט זיך געהערט ווי אַן אָפּקלאַנג פון דורות יידישע יסורים, וועלכע האָבן זיך דאָ פאַראייניקט. אָבער נישט בלויז טרויער האָט זיך געהערט, נאָר שופרות האָבן געשאַלט און אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון גאולה שלימה.

ווען דניאל האָט גענומען און אַריבערגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ און אָנגעהויבן זאָגן "זאָל געגרויסט און גע-הייליקט ווערן זיין גרויסער נאָמען" — האָט זיך ווידער אויפגעהויבן אַ שטורעם-ווינט, וועלכער האָט געיאָגט פון טאָלן און בערג. עס האָבן זיך צערוישט די ביימער און עס האָט אויפגעבליצט ליכט, אָבער דאָס מאָל נישט פון הימל, נאָר גאָר פון דער ערד. צו ערשט האָט אַ ליכט זיך צע-צונדן צווישן גראָזן פון די בערג. און באַלד האָבן אויפ-געפלאַמט אַלץ נייע, נייע ליכטלעך, ליכט נאָך ליכט, אַ ריי נאָך אַ ריי; פונקט ווי אַמאָל אויף יענעם לעצטן וועג. מיליאָנען פלעמלעך, ווי גראָזן, האָבן אויסגעשפּראָצט פון דער ערד, ביז דער פּלאַץ ביים כותל איז פאַרפולט געוואָרן מיט ליכט.

פלוצלונג האָט פון די פלאַמען זיך אַרויסגעריסן אַ שטילער ניגון "אל מלא רחמים", אָפּגעקלונגען פון די בערג, דאָס האָבן אויסגעזונגען די נשמות אַ וויי-געשריי.

און אַרום האָט זיך געשטאַרקט דער ווינט, וועלכער האָט געטריבן זאַמד, צעשאָקלט חורבות און געוואָיעט, ווי

ער וואָלט זיך פאַרנומען איבערשרייען דאָס געזאַנג פון די נשמות.

אָבער דער ניגון פון די פלעמלעך איז געווען נאָך שטאַרקער, ווי דער ווינט, וועלכער האָט אָן אויפהער געבלאָזן מיט שטורעם, ווענדיק דווקא פאַרלעשן די ליכט, וועלכע האָבן אין קאַמף געצאַנקט, געוויגט זיך אויף לינקס און רעכטס, ביז זיי האָבן ווידער זיך העל צעשיינט.

"און אפשר לעבן אַלע?" — האָט דניאל זיך געפרעגט — "ווייל גאָטס וועגן זענען גערעכטע. ווי זאָגט שמואל הנביא... כי האדם יראה לעניים וה' ראה ללבב. דער מענטש זעט נאָר מיט די אויגן, אָבער דער רבונו של עולם נעמט צונויף אַלע געשעענישן ווי איין קייט. איז אפשר טאַקע לעבן ווי אַלע, ווייל ווער פאַרשטייט דען גאָטס וועגן? אָבער, ווי אַזוי?" פלוצים האָט ער ווידער זיך דערזען אין אַרומרינגלונג פון מיליאָנען ליכטלעך, וועלכע האָבן אַרויסגעלויכטן פון דער ערד. דאַן האָט ער זיך אויסגעגלייכט און זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דאָזיקן מאַרש.

דעמאָלט האָט ליכט פון הימל זיך צעלויכטן אַזוי העל, פּונקט ווי דער בורא-עולם וואָלט אַרויסגענומען די זון פון איר שייד. אַ כאָר פון מלאכים האָבן געזונגען הלל און באַגלייט דניאלן אויף זיין שליחות.

שפּעטער, ווען עס איז בלייך געוואָרן די זון, האָט שוין געבלויט אַ נייער טאָג. ווי דורך צערונענע וואָלקנס האָבן זיך אַרויסגעהויבן חורבות, פאַרקליידטע אין גרויע פאַרטאָגיקע מלבושים; אַן אָנזאָג, אַז ווידער קומט אַ טאָג, אַזוי ווי נעכטן און אַ סך אַנדערע נעכטנס. אַ טאָג אַ

שיינער, אַ פייכטער, אָדער אפשר גאָר אַ נישט רויקער?
אָבער פאַר דניאלן גייט דער דאָזיקער מאָרגן אויף אַ נייער, אַן אַנדערער, און דערפאַר שטייט ער אַלץ מיט פאַרמאַכטע אויגן, און וויל פאַרהאַלטן די נאַכט.

אָבער ניין! דאָך האָט ער נישט באַוויזן צו פאַרהאַלטן דעם מאָרגנשטערן, וועלכער איז אויפגעגאַנגען אַ פריש-אויסגערוטער איבער דער הייליקער שטאָט.

אַרום האָט אַ העלקייט זיך פאַרצויגן און אַנטבלויזט די טורעמס, בערג און מויערן. באַלד הערט זיך שוין בולט דער רויש פון נייעם טאָג.

אָבער דניאל בליקט עפּעס מיט פרעמדע אֹויגן, ווי ער וואָלט גאָר נישט דערזען דעם נייעם טאָג, און ווידער האָט ער אויסגערופן:

"ניין, די בריק איז נישט איבערגעריסן!".

# עגל הזהב

דער באַגינען האָט זיך אַנטפּלעקט אַ טריב-פאַרנעפּל-טער, אַ שניידיקער האַרבסט-ווינט האָט פאַרטריבן די גרויקייט און צעוויגט די איינזאַמע פאַלמע נעבן כותל, וועלכע האָט זיך קוים איינגעהאַלטן אויף איר דינעם וואָרצל, געציטערט, פּונקט ווי דער אויסגעדאַרטער גוף פון דניאלן, וועלכער האָט זיך נאָך נישט געהאַט אויפגעכאַפּט פון זיינע חזיונות.

באַלד איז אַרויסגעשווומען אַ שטילער פרימאָרגן, אַ פריש-אויפגייענדיקער טאָג האָט זיך אַריינגעוועבט איבער ירושלים, ווו צווישן מאָנאָטאָנע קלויסטער-גלאָקן האָבן דערוואַכט גאַסן, הייזער און מענטשן.

דניאל האָט אויסגעווישט די פאַרחלומטע אויגן און באַמערקט, ווי עס טוישט זיך די וואַך פון סאָלדאַטן. אָבער פאַר דניאלן זענען עס די וועכטער אַרום די מויערן פון אַמאָליקן ירושלים. און באַלד פרעגט ער "שומר מה מליל ? וואָס האָט געבראַכט די נאַכט ?".

און באַלד דערזעט ער, אַז אויפן זעלבן פּלאַץ פון בית המקדש שטייט איצט בלויז אַ וואַנט. אָבער דאָך קומען אַהער די קינדער פון יעקבן. שטראָמען ווידער אויסגע-לייזטע פון בבל און מצרים, פון סיריע און תימן, פון

אייראָפּע און מעבר-לים. און דניאל באַגעגנט די שבטי-ישראל מיט אַ ברכה:

"זייט באַגריסט, געקומענע! יידן, פון היינט אָן זייט איר אויסגעלייזט, אַ פריי פאָלק אין אייגענעם לאַנד. זייט געבענטשט, קינדער פון ישראל".

דניאל רוקט זיך אָפּ אין אַ ווינקל און דערזעט, ווי יעדער בעט אויף זיין שטייגער. אָבער צוזאַמען, זענען עס צעבראָכענע הערצער פון שווער-געפּרוּווטן פאָלק.

אין צווישן קומט אָן אַ פאָטער מיט צוויי דערוואַקסענע זין, ערשט געקומענע אין לאַנד... זיי לייגן זיך אויס און קושן די ערד פון אייגענעם לאַנד, ווייל די ערד איז הייליק.

דער פּלאַץ ווערט אַלץ מער אויסגעפילט מיט געקו-מענע, וועלכע ברענגען מיט זיך תפילות און בקשות, פון זיך און זייערע משפחות פון ווייטע לענדער און ישובים. אָבער דניאל דערווייטערט זיך, נאָך איידער מענטשן דער-וויסן זיך וועגן אים. און אויפן וועג דערמאָנט ער ווידער די לעצטע נאַכט, מיט אַלע פּאַסירונגען און חזיונות. דער-ביי שווימען אויף די לעצטע טעג אין זיין לעבן, ווען ער האָט אומשולדיק איינגעזאַפּט אַזוי פיל צער, באַליידיקונג, מיט זידלערייען אויף זיין צעבראָכענער נשמה.

עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ צער אויף זיך אַליין.

אייגנטלעך, וואָס טוט ער דען צווישן זיי? ער! דער איינזאַמער צווייג אויף אַ שוואַכן בוים. אַ גליק נאָך, וואָס דער שטאַם איז שטאַרק, אייזן-פעסט, וואָס קיין שום בייזער שטורעם קען אים נישט צעברעכן.

ווידער דערפילט ער אַ ווייטאָג פון יענע טעג, ווען ער

איז מיטגעגאַנגען איבערן וועג פון יסורים, געפלאַמט צוזאַמען מיטן פאָלק אין די קאַלך-אויוונס, וועלכע האָבן חרוב געמאַכט די געצעלטן פון יעקבס קינדער.

מאָדנע מחשבות האָבן דניאלן דעם פרימאָרגן באַגלייט צום קבר פון זכריהן... איצט האָט ער זיך דערפילט דערהויבן, דערפילט ווי עס וואָלטן אים אָנגעוואַקסן פליגלען. אָבער צו וואָס? וווּהין וואָלט ער דען פאַרפלויגן?

צי בינדט אים עפּעס מיט דער נייער וועלט? מיט זיינע מענטשן, וועלכע זוכן דווקא אַנטלויפן פון נעכטן, און טראַכטן אויך אַפילו נישט וועגן מאָרגן.

"צר לי המקום" — רעדט דניאל צו פּוסטע מויערן, אין וועלכע קיינער וווינט נישט. פאַרטרויט זיך צו אַלטע טויערן, וועלכע פירן צו פאַרהייליקטע ערטער.

ענג איז דניאלן דאָ, נישטאָ קיין אָרט פאַר אים, נישט צווישן פרומע און נישט צווישן פרייע, נישט צווישן יונגע און נישט צווישן אַלטע.

ענג איז געוואָרן דניאלן דעם נביא, וועלכער פאַרקערפערט אין זיך אַזוי פיל קעגנזאַצן. אָט איז ער אָנגעפילט מיט שטילער תפילה. און באַלד ברויזט ער מיט אַ שטרענגקייט, וועלכע איז גרייט צו שטירצן, אַפילו דאָס געטלעכע מלכות.

אָט קומט ער מיט שטילער מאָנונג וועגן גערעכטיקייט. און באַלד שפּרייזט ער מיט פייערדיקע אויגן, וועלכע קענען וועלטן אונטערצינדן. ער שווימט אויף כוואַליעס פון אַזוי פיל קעגנזאַצן, וועלכע לאָזן נישט איבער קיין פרייע מינוט.

און אַפילו ווען דניאל רוט, איז ער אויך דער מליץ

יושר פון אומגעקומענע, אַ פאָטער פון יתומים, אַ באַרמ-האַרציקער ברודער, וועלכער איז גרייט אַלעמען צו העלפן.

און אָפט מאָל ווילט זיך גאָר דניאלן אַ לעבעדיקן אַרויף אין הימל, פונקט ווי אליהו הנביא, און דאָרטן אויסגיסן זיין צעפייניקט האַרץ.

אַ מאָדנער נביא, דניאל, וואָס קומט ניט שטראָפן, נאָר זוכט אין יעדן מענטש אַ זכות, אין יעדן ייד אהבה, אין יעדן אָרט קדושה. און פון יעדן גרעזל פילט ער דעם אָטעם פון בורא-עולם. אָבער צום רבונו של עולם איז ער פול מיט טענות. ער פרעגט:

״די פייניקער האָסטו אַלץ פאַרגעבן, צוריק געשטעלט זיי אין זייערע געצעלטן... אַפילו זיי ווידער דערהויבן. אין דער צייט, ווען פון דיינע אויסדערוויילטע קינדער רייסט מען נאָך אַלץ שטיקער און עס ברענען ווידער שוועלן אַרום די געצעלטן פון ישראל״.

איצט שפרייזט דניאל איבער גאַסן פול מיט צאָרן, ווו מענטשן האָבן מורא פאַר זיין בליק, כאָטש ער איז פול מיט רחמים, אַ מליץ-יושר, אַפילו פאַר די, וועלכע האָבן אים שלעכטס געטאָן, און איז פול מיט צער פאַר יעדער עוולה, ווייל די קינדער פון ישראל זענען אָנגעזאַפט מיט יסורים, אַלע זענען אָפגעבראָכענע צווייגן פון אַן אַלטן שטאַם.

ער האָט זיך פאַרהאַלטן נעבן די פאַרמאַכטע טויערן פון רחמים און באַגעגנט אַרבעטער, וועלכע גייען צו דער אַרבעט. אַ גרופע אַראַבישע מיידלעך האָבן געאײַלט אין שול. אין צווישן האָט ער אויך באַגעגנט יידן מיט טליתים,

וועלכע גייען בעטן צום גאָט פון רחמים. אַ גרופּע סאָלדאַטן האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבן די טויערן פון מאַרק, צווישן מענטשן, אַרומגעוויקלטע מיט ווייסע טורבאַנען אויף די קעפּ. אַ פרוי האָט געריטן אויף אַן אייזעלע מיט אָנגעשטאָפּ־טע זעק פון ביידע זייטן, אַז עס האָט זיך קוים באַוועגט. אָבער דניאלן האָט עס נישט געשטערט רעדן צו הימלען.

״האָסט זיך אויסגעשפּרייט, גאָטעניו, דיין ממשלה צווישן שטילע אומענדלעכע הויכקייטן, אָבער די ערד איז ווידער אָנגעזאַפּט מיט שנאה, און אַ מענטש צו אַ מענטש איז נאָך אַלץ אַ וואָלף״.

דערנאָך האָט ער געשפּרייזט מיט האַסטיקע טריט און נישט געוווּסט וווּ זיך צו ווענדן, ווייל אַלץ אַרום האָט אויסגעזען, ווי אַ געמיש פון גוטס מיט שלעכטס, אַלט איז פאַרמישט געוואָרן מיט ניי, אַז עס האָט אים אַזש אָנגעוואָרפן אַ פּחד, וואָס דערפון קען אַרויסקומען.

און ווען ער בליקט אַהין צו די ווייטע גאַסן, דערזעט דניאל, ווי דאָרט יאָגט דאָס לעבן, ווידער טרייבט דער טאָג צום האַנדל, מענטשן, באַפּרייטע, בוקן זיך ווידער צום גאָלדענעם קאַלב ווי אַמאָל. אַ לויט גאָלד איז נאָך טייערער ווי אַ קילאָ האַרץ.

ער איז אַריין אין אַ קליין שולעכל פון אַ מנין ספרדישע יידן, וועלכע האָבן שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין. מען האָט אין איילעניש צוזאַמענגעלייגט טליתים, און אַרויס צום וואָכעדיקן טאָג.

אינעווייניק איז געבליבן שטיל און ליידיק. פאַרטונקל־טע שויבן האָבן אָפּגעשלאָגן שוואַכע קאָלירן פון אַ האַרבס־

טיקער זון. דערצו האָבן אויך די יאָרצייט-ליכט געשאַפן
אַ בין-השמשות-אויסזען.

דניאל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, אַנטקעגן
אָרון-קודש, פון וואַנען גרויסע כרובים מיט צעשפּרייטע
פליגלען האָבן אַראָפּגעבליקט, ווי לעבעדיקע. אים דאַכט
זיך, אַז ער הערט ווי זיי קלאַפּן מיט די פליגלען, און
באַלד פליען זיי אַוועק. דאָס אָרט ווערט ליידיק, און פאַר
דניאלס אויגן הייבן זיך אַרויס באַגילדעטע הויכע טורעמס,
צווישן וועלכע עס לעבט אויף אַ גאָלדענער קאַלב.

פון אַרום טויכט אויף אַ רעש. עס קומען מענטשן פון
אַלע זייטן, און דערנענטערן זיך צום עגל הזהב. צופרידענע
טאַנצט מען אַרום גאָלדענעם קאַלב, מען בוקט זיך און
מען שפּרייזט אַרום דעם פּלאַץ מיט כבוד.

ווידער בליקט דניאל מיט אַ פאַרצאָרנט האַרץ, און
דערמאָנט זיך אָן זיין שליחות. פּלוצעם דערפילט ער די
אַרומגעוויקלטע יריעות איבערן לייב און שטעלט זיך אויף,
ציט אַרויס די שטיקער פאַרברענטע פאַרמעטן, הייבט זיי
אויף מיט אויפגעהויבענע הענט... און גלייך ווען ער דער-
נענטערט זיך צום גאָלדענעם קאַלב, מיט זיינע אויפ-
געהויבענע יריעות אין די הענט, באַמערקט ער, ווי דער
עגל הזהב שרומפּט פאַמעלעך איין, ווי ער ווערט אַלץ
קלענער. דאַן דערזעט ער בולט ווי אין אָנבליק פון אָנגע-
ברענטע פאַרמעטן, אַרויסגעראַטעוועטע פון די קאַלד-
אויוונס, צעלאָזט זיך דאָס גאָלדענע קאַלב, ווי אונטער
סמאַליענדיקע פייערן.

שטייט דניאל מיט אויפגעהויבענע הענט, פּונקט ווי

משה רבנו, ווען די יידן האָבן געשלאָגן עמלקן... (שמות — י״ז - י״א) און ברענט מיט זיין פייערדיקן בליק. אַ היץ האָט אַרויסגעשלאָגן פון די אותיות און אַלץ אַרום ווערט אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען. אָבער דניאלן ברענט עס נישט, ער דערפילט אַפילו נישט קיין היץ. דאָס קאַלב ווערט צערונען. און אויפן אָרט בלייבט בלויז איבער אַן אָנגעפילטע קאַריטע מיט בלאָטע.

דניאל האָט צוריק פאַרוויקלט די יריעות, אַרונטער־גענומען זיי אונטערן פאַרגאַרטלטן בגד. ער האָט צעעפנט דעם אָרון־קודש און געדאַנקט דעם בורא־עולם, וואָס הינטער פייערן פון דער תורה ווערן צעשמאָלצן די גאָל־דענע קעלבער, צו וועלכע מענטשן בוקן זיך.

ווען ער איז דערנאָך אַרויס איבער די גאַסן, אָנגעפילטע מיט רעש און מענטשן, האָט ער זיך געפילט פאַרלוירן. ער איז ווי געשווומען אויף ים־כוואַליעס, וועלכע האָבן אים אַלץ מער דערווייטערט פון דאָזיקן אַרום.

אַזוי איז ער געגאַנגען און נישט געפילט דעם אַרום. זיך געשטופּט צווישן מאַסן מענטשן און נישט געזען קיין פנימער, געהערט אַרום זיך אַ רויש און נישט פאַרשטאַנען די שפּראַך.

אים איז געוואָרן ענג, כאָטש ער איז שוין געהאַט אַרויס איבער האַלב־שטילע, כמעט ליידיקע געסלעך און נאָר געוואָלט אַנטלויפן פון אַלעם, זיך אָפּשיידן פון דער ערד, וועלכע ברענט אונטער די פיס, אָפּרייסן זיך פון דאַנען, און אַנטלויפן אין די ווייטע אומענדלעכע הימלען.

״איך גיי צו דיר, גאָט !״ — האָט דניאל אויפגעהויבן

די אויגן צום ליכטיקן הימל, וועלכער האָט געגעבן האָפע־
נונג אויף לעבן. ער איז אָבער ווייטער געבליבן ווי אַרומ־
געפּאַנצערט מיט שווערע פליגלען, וועלכע לאָזן נישט פליען,
אָבער באַשווערן אַפילו אויך צו בלייבן אויף דער ערד,
ווייל "זינט מיין לייב האָט געפלאַמט, בין איך געוואָרן
אַ טייל פון דיינע פאַרהוילנקייטן, וועלכע קיינער פאַר־
שטייט נישט... בין געוואָרן אַ טייל פון דיין סוד, וואָס איז
פאַרהוילן פאַר מענטשן".

## קער זיך אום, דניאל!

ווען דניאל איז אַריין צו זיך אין שטוב האָט ער גע־טראָפן אַלץ פאַרענדערט, אַז ער אַליין האָט נישט גע־ווּסט צי איז עס זיין שטוב, אָדער ער האָט פאַרבלאָנ־דזשעט? אָבער איין זאַך האָט אים נישט געלאָזט צווייפלען: דאָס שענקל, אין וועלכן ער האָט געהאַט ליגן די יריעות...

די שטוב האָט אויסגעזען ווי איבערגעקערט, ווי גוטע מלאכים וואָלטן זיך דאָ אַראָפּגעכאַפּט און פאַרטוישט דאָס אַלטע צעבראָכענע געלעגער אויף אַ גוט בעט, אַ גרויסער טיש איז געשטאַנען אין מיטן שטוב און אויפן טיש: פריש ברויט מיט פּרוכטן. די ספרים זענען געלעגן לויט אַ סדר. פון דרויסן דער דאַך איז געוועןן פאַרראָכטן, ווייל עס האָט שוין גענומען אַריינרעגענען.

און דאָך האָט דניאל זיך נישט געפונען קיין אָרט, ווייל נישט דאָס איז פאַר אים אַ שטערונג, ווייל סיי ווי האָט אים געצויגן אַוועק, נישט ווייסנדיק אַפילו וואוּהין.

און דאָך איז ער נישט געוואָרן גלייכגילטיק, ווען ער האָט געפונען אַ צעטל צוגעשפּילעט צום טישטוך אויפן טיש.

„איך וועל זיין גליקלעך ווען איר, הייליקער צדיק, וועט מיר דערלויבן אייך משמש צו זיין, איך נעם זיך עס

אונטער צו טאָן פאַר אייך דאָס גאַנצע לעבן, ווען איך זאָל זיך נאָר קענען דערמיט אויסקויפן די זינד, פאַר די פיין און יסורים, וועלכע איך האָב אייך אומזיסט פאַרשאַפט מיט מיינע מעשיות וועגן אייך. טראָץ דעם וועל איך שוין דאָס גאַנצע לעבן זיין צעבראָכן צוליב די יסורים, וועלכע איך האָב אייך פאַרשאַפט. זייט מיר מוחל, רבי, און בעט גאָט פאַר מיינע ליידן. יצחק".

דניאלן האָט אַרומגעכאַפּט אַ מאָדנער ווייטאָג, ער האָט זיך דערפילט דערנידעריקט און פאַרקלעמט. אַ שאָד געווען די ליידן פון אַ ישיבה-בחור, וועלכער זוכט פאַר-געבונג. כאָטש דניאל האָט צו אים קיין תרעומות נישט געהאַט... אַלץ איז גאָטס האַנט. אַליין מאַכט זיך גאָר-נישט. אָבער וואָס האָט ער געזאָלט טאָן, אַז ער האָט אַפילו נישט געוווּסט ווער דער יצחק איז.

דניאל האָט זיך איצט אַרומגעדרייט איבערן שטוב ווי אַ פרעמדער. ווייל, וואָס האָט ער דען אייגנטלעך דאָ צו טאָן?

ניין! דאָס איז נישט זיין וועלט, נישט זיין לעבן. און אויב ער לעבט, איז עס נאָר אין זכות פון די אומגעקומענע. אַנטלויפן! אַזאַ געדאַנק האָט לעצטנס געפייניקט דניאלן טאָג און נאַכט, אים אַריינגענומען אין די אָרעמס און נישט געגעבן קיין שעה רו. אַפילו ווען ער האָט זיך באַמיט פאַרגעסן... דאַן ווען ער איז געווען איינגעטונקט אין תפילה. אויך אַפילו ווען ער האָט באַוווּנדערט די שיינ-קייט פון די אויפגייענדיקע טעג איבער ירושלים.

וואָס האָט ער בכלל דאָ צו טאָן? האָט ער זיך גע-

פרעגט. וואָס האָט ער דען צו זאָגן די דאָזיקע, וועלכע לעבן דאָס נייע לעבן אין די נייע צייטן, ביי אַ באַנייט מלכות ישראל.

און כאָטש ער זעט אַליין, ווי מענטשן צופרידענע זאַפּן איין די לופט פון ווידערגעבורט. ווי טראָץ די שיסערייען פון שונאים, פאַרזייט מען פעלדער, און צווישן בלוטיקע אָנפאַלן פלאַנצט מעןביימער, בויט מען הייזער און שטעט און מענטשן פון דאָזיקן מלכות לויפן, פאָרן, זיי אַרבעטן און לערנען זיך, ווי עס וואָלט גאָר קיין חורבן נישט געווען. אָבער ער, דניאל, וואָס האָט ער צו זאָגן דעם דאָזיקן פאָלק ?

דו מוזסט אַנטלויפן, דניאל ! אָבער פאַר וואָס ? — האָט זיך עפּעס אין אים קעגנגעשטעלט.

נביאים זענען דאָך קיין מאָל נישט אַנטלאָפן פון פאָלק, אַפילו ווען זיי האָבן דערפילט, אַז מען דאַרף זיי נישט ; נישט ירמיהו און ישעיהו, נישט עמוס אָדער מיכה. כאָטש קיינער פון זיי האָט נישט געלעבט אין שלווה, און אויך זיי זענען געוואָרן אויסגעלאַכט, און נישט איינער פון זיי האָט דערפילט די פּיין אויף זיין לייב, אָבער אַנטלאָפן איז קיינער נישט.

*

עס האָבן זיך איינגעשטעלט טריבע טעג, ווי דער הימל האָט זיך אָפּט פאַרצויגן אין וואָלקנס, אָנגעזאַפּטע מיט מבולדיקע רעגנס, כאָטש אין מיטן טאָג פלעגט נאָך שיינען

אַ הייסע זון. דאַקעגן זענען די פאַרנאַכטן געוואָרן בייזע, פאַרוואָלקנטע, און מענטשן האָבן זיך געאײַלט צו פאַר-ענדיקן דעם טאָג ביי זיך אין שטוב.

דעמאָלט זענען די גאַסן פרי געוואָרן שטיל. אַ ליידיקייט האָט זיך אויסגעשפרייט איבער טיילן פון שטאָט, בלויז שומרים פון צה״ל האָבן געוואַכט אויף זייערע פּאָזיציעס.

״הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל״ —האָט דניאל דערמאָנט דעם פסוק, און ווייטער געשפרייזט אַ פאַרטראַכ-טער, נישט ווייסנדיק צו וואָס.

דניאל איז צוגעקומען צו אַ בערגל, ווו מען האָט געזען די ענדע פון דער שטאָט. אים האָט אַרומגעכאַפּט אַ ווינט. ער האָט זיך פאַרהילט מיטן טלית און גענומען בעטן צו גאָט, אָבער קיין תפילה איז עפּעס נישט געקומען.

ער איז ווייטער געשטאַנען מיט פאַרמאַכטע אויגן און צעעפנטע ליפּן. געוואַרט און זיך נישט געקענט קיין עצה געבן, קיין וואָרט איז פשוט נישט אַרויס פון זיין מויל...

די ווינטן האָבן געשניטן פון די בערג. פאַרצאָרנטע, פונקט ווי דניאל, וועלכער איז איצט געשטאַנען אַ פאַר-צאָרנטער און נישט געקענט אָנהייבן קיין תפילה.

פלוצלונג האָבן זיך אים אַרויסגעגליטשט אַ פּאָר טרערן... און פון זיינע לעפצן האָבן זיך אַרויסגעריסן: ״ורוח קדשך אל תקח ממנו״ — נעם נישט צו פון מיר, גאָט, דיין הייליקן גייסט.

און באַלד דערפילט דניאל אַ היץ כאַפּט אַרום זיין לייב. און ווי אַ פייער וואָלט געברענט אין זיין קערפּער, און

דערמאָנט זיך אין די יריעות, וועלכע האָבן אים אַרומגענומען.

אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ווידער ברענט ער ווי דעמאָלט. דאַן, האָבן די יריעות נישט צוגעלאָזט די פלאַמען צו זיין קערפער. כאָטש פייערן האָבן ווי אַ סטיכיע זיך געוויקלט אַרום זיין לייב, אָבער קיין פייער האָט ער דעמאָלט נישט דערפילט.

דאַקעגן איצט, פילט ער בולט, ווי עס ברענט זיין לייב, איז עס דען אַ שטראָף?

ער האָט פלינק אַראָפּגעכאַפּט דעם טלית, צעקנעפּלט דעם בגד און אַרויסגעשלעפּט די שטיקער יריעות פון היננטערן מלבוש. די יריעות האָבן טאַקע אויסגעזען ווי פלאַמיקע פייערן. ער האָט ממש דערפילט, ווי עס בריען זיינע הענט, די פינגער. אפשר וועט ער באַלד אין גאַנצן אַרומגעכאַפּט ווערן מיט פלאַמען?

אפשר טאַקע קובר זיין די יריעות? אַזוי ווי מענטשן זאָגן. אָבער דניאל האַלט, אַז אַ מענטש קאָן נישט טאָן מיט גאָטס ווערק זיין ווילן, און אַוודאי נישט קובר זיין אין דער ערד הייליקייטן...

אַ מענטש מעג מען יאָ... יריעות נישט? — האָט אין אים עפּעס געפרעגט.

אַ מענטש מעג מען, ווייל דער מענטש קומט פון דער ערד און גייט צוריק צו דער ערד. אָבער די תורה האָבן מענטשן דאָך באַקומען אויפן באַרג סיני.

„פאַר וואָס, גאָטעניו! האָסט זיך אָפּגעקערט פון מיר" — האָט דניאל געפרעגט — „האָב איך טאַקע אַזוי פיל גע-

זינדיקט ? און אפשר איז דאָס אַ זינד, וואָס איך בין געבליבן לעבן, ווען דאָרטן זענען אומגעקומען מיליאָנען ? צעברענטע בערג מיט סקעלעטן, פאַרקוילטע גופים צווישן בערג און גריבער...

דאָרט אויבן, אין די הימלען, איז כאָטש דאָ ווו צו אַנטלויפן. אָבער דאָ, אויף דער ערד, וווּאַהין זאָל איך גיין ?"

"הערסטו נישט, דניאל, דעם שופר של משיח, דעם געברום פון מלאכי השרת, אַז אָט, אָט קומט די גאולה שלימה !" — דערהערט זיך אַ קול.

שטייט דניאל מיט פאַרגלאָצטע אויגן, הערט, ווי מען רעדט צו אים, און ווי נישט מיט זיין קול ענטפערט ער :

"יאָ ! איך הער טאַקע טריט פון דער גאולה. איך הער דעם שופר של משיח. אָבער דער געוויין פון זייער ווידוי קלינגט שטאַרקער אין מיינע אויערן. דער געשריי פון יידישע קינדער, וועלכע מען האָט געפירט צו דער עקידה, איז שטאַרקער ווי דער קול פון מלאכים".



שפרייזט דער משולח איבער וועלטן, ווו עס איז נישטאָ פאַר אים קיין טרייסט. ער שפּאַנט טאַקע אויף די זעלבע וועגן פון די נביאים, אָבער אַמאָל איז דער מצב געווען אַנדערש.

דעמאָלט האָבן די נביאים געהאַט טענות צום מלך, צו די כהנים, צו די עלטסטע פון פאָלק, אָבער דניאל איז בלויז

געקומען, ווי אַ משולח פון אומגעקומענע, פול מיט תרעו־מות צום אַלמעכטיקן.

און כאָטש דניאל זעט מיט זיינע אויגן, ווי גאָט האָט צוריק געבראַכט די קינדער אין דעם לאַנד, וועלכן ער האָט צוגעזאָגט זייערע עלטערן. עס ווערט צוריק אויפגעבויט דאָס מלכות ישראל. אָבער דאָך קען ער נישט מוחל זיין דעם דריטן חורבן.

גלייך דערמאָנט זיך דניאל אין אַ נייעם דור צעשמייכלטע קינדער, וועלכע ווייסן נישט פון קיין גלות, טראַכט וועגן די העלדישע גבורים פון דער אַרמיי, וועגן טויזנטער סטודענטן און ישיבה־בחורים, וואָס קומען פון ווייטע לענדער, איינצוזאַפּן די לופט פון באַנייטן מלכות ישראל. און באַלד הערט ער, ווי עס רעדט ווידער צו אים אַ קול:

״אויך דו, דניאל! האָסט זיי אויפגעוועקט צום לעבן. זע, נביא! ווי יענע אָפּגעשניטענע אברים האָבן זיך ווידער באַהאָפטן און אויפגעשטאַנען צום נייעם לעבן. אויך דאָס זענען דאָך זיי״.

אָבער דניאל בלייבט פאַרשטומט. הערט אַפילו נישט זיין אייגן קול. נישט ער רעדט, נישט ער בעט, נאָר איז אָנגעווייטיקט, און ווייס נישט צוליב וואָס.

״זע נביא, ווי גאָט האָט צוריק אויפגעבויט פאַר זיינע קינדער דאָס צוגעזאָגטע לאַנד״.

״אָבער פאַר וואָס ביסטו דעמאָלט געווען הילפלאָז? גאָט! ביסט דאָך דער שומר ישראל און האָסט נישט פאַר־היט דיין פאָלק?״ — פלייצט דניאל מיט טענות.

שפּאַנט דניאל איבער נייע גאַסן, אָבער זעט נישט דעם

אַרום. ער הערט אַ רעש און ווייס נישט פון וואַנען עס קומט. ביז זיינע אויגן צעעפענען זיך ברייט, אַז ער נעמט אַרום מיט זיין בליק דאָס גאַנצע לאַנד, ווי אַ נייער גע-בורט איז אויפגעגאַנגען פאַרן פאָלק פון ישראל. ווי מענטשן זענען אויפגעשטאַנען און דערוואַכט צו אַ ניי לעבן. און דעמאָלט הערט ער אַ קול. — אויך מיט זיי, מיט מענטשן, וועלכע בויען און שאַפן, מיט מענטשן, וועלכע לעבן פון זייער אַרבעט, מיט נייע פויערים, וועלכע האָבן פאַריאָגט דעם מדבר און אַרויסגעצויגן פרוכטן פון עקרהדיקער ערד.

״זע, דניאל, ווי עס קומען יידן פון אַלע וועלט-טיילן, פון לענדער, און זאָגן : דאָס איז מיין היים ! און דו, דניאל, אַנטלויפסט גאָר ?״

ענטפערט גאָרנישט דניאל, נאָר שפּאַנט ווייטער איבער גאַסן, ביז די שטאָט ענדיקט זיך. גייט ער אַרום ראַנד פון אַ גרויסן באַרג און שלעפּט מיט זיך די פּיין פון אַ פאָלק.

אַזוי גייט דער טאָג מיט נאָרמאַלע טריט. רוקן זיך שעה נאָך שעה, און דניאל דערווייטערט זיך אַלץ מער פון יענעם באַרג, וועלכער שטייט אויבן אָן פון די בערג, דער-הויבן איבער אַלע הויכן, צו וועלכן עס שטראָמען מענטשן פון אַלע לענדער.

אָבער וואָס ווייטער ער גייט, אַנטלויפן די בערג, און עס וואַקסן שוין אויס פלאַכע פעלדער, וועלכע ליגן אויס-געשפּרייט, ווי טעפּיכער און אויך פון דאָרטן הערט זיך אַ געזאַנג פון קינדער.

דערנאָך ווערט אַלץ פאַרשטילט. עס אַנטלויפן די צע-בליטע פעלדער. עס פאַרשטומט דאָס געזאַנג פון קינדער,

און דניאל זעט זיך ווידער אַליין, איינזאַם, מיט זיך, מיט זיין פּיין, מיט די שטיקער יריעות, וועלכע בריען דאָס לייב.

דעמאָלט האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיין. דאָס האַרץ האָט אים פאַרקלעמט און די אויגן זענען פאַרגאָסן געוואָרן מיט טרערן. פון שלאָף האָט זיך אים אויסגעדאַכט, ווי עס רעדט צו אים אַ קול:

״שטיי אויף, דניאל, און קער זיך אום צו דער שטאָט פון גאָט, ווייל דאָס איז דיין אָרט״.

# טרוקענע ערד!

שפעט איז יענעם טאָג אויפגעגאַנגען די זון איבער ירושלים. ביזן ווייטן פרימאָרגן איז דער הימל נאָך געווען פאַרצויגן מיט שטיקער וואָלקנס. אָבער פּאַמעלעך איז צע-רונען די גרויקייט, און פון צווישן ווייטע בערג האָבן זיך צע-צונדן שטראַלן, וועלכע האָבן זיך אויסגעשפּרייט איבער שטעט.

כאָטש דאָס זענען געווען די ערשטע שעהען פון אויפ-גייענדיקן טאָג, איז שוין דניאל געהאַט געווען ביי אַ סך טויערן פון ירושלים. ביי יעדן טויער האָט ער איבערגעלאָזט אַ תפילה, ביי אַלטע מויערן האָט ער געבעטן חסד פאַרן פאָלק, וואָס מוז ווייטער לעבן מיט דער שווערד אין האַנט. ביי די טויערן פון רחמים האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און זיך איינגעקוקט צו ירושלים, וואָס האָט אין דאָזיקן פרי-מאָרגן אויסגעזען, ווי די שטאָט וואָלט אַראָפּ פון הימלען. אירע גאַסן זענען אויסגעפולט מיט קדושה, און יעדער שריט איז דאָ אָנגעפולט מיט געטלעכקייט, ווו אַפילו דורך פאַר-וואָלקנטע הימלען דערפילט מען אַ גייסטיקע זון, וועלכע לייכט און צעוואַרעמט.

אָבער באַלד דערפילט ווידער דניאל, ווי עס טרייבט אים. נעמט ער זיך באַוועגן שנעל, און פילט גאָר נישט

קיין מידקייט. לאָזט ער איבער די טויערן און די אַלטע מויערן, און גייט ווו די אויגן טראָגן.

ווען דניאל איז אַרויף אויפן הר הצופים איז שוין גע-ווען אַרום האַלבן טאָג. פון אויבן האָט די שטאָט אויס-געזען אַ צעשטראַלטע, אַן אַרומגערינגלטע מיט בערג און טאָלן, און דורך שימערירנדיקן גאָלד האָבן זיך אַרויסגע-הויבן טורעמס, הייזער און גאַסן. און דאַן האָט זיך אים געדאַכט, אַז ער הערט ווי די אַלטע שטיינער דערציילן וועגן דער קינדהייט פון דער שטאָט ירושלים, וועלכע איז באַשטימט געוואָרן צו זיין גאָטס ווין-אָרט. באַלד דער-הערט ער אַ ווידער-קול פון שופרות, וועלכע האָבן אַמאָל געשאַלט אין בית-המקדש און עס גייט אויף אַ געזאַנג פון לוויים, וועלכע באַגלייטן די עבודה.

די אַלטע פירעקיקע שטיינער דערמאָנען איצט דניאלן וועגן פריידיקע פאָלקס - יום - טובים, ביים אויפגיין צום באַרג מוריה. אָבער טרויעריק ווערט דאָס געמיט פון דניאלן, ווען פון די דאָזיקע מויערן שלאָגט אָפּ אַ ווידער-קול פון שווערע טריט, ווען די חיילות פון טיטוסן האָבן אַריינ-מאַרשירט אין שטאָט און חרוב געמאַכט די הייליקייטן.

"על נהרות בבל, שם ישבנו, וגם בכינו" — דערמאָנט דניאל יענעם טרויער פון די אבלי-ציון. באַלד טרייסט ער זיך דערמיט, וואָס באַפרייט איז ענדלעך געוואָרן די שטאָט פון גאָט, פון וואַנען די שכינה האָט זיך קיין מאָל נישט דערווייטערט און פון דור צו דור איז איבערגעגאַנגען די שבועה : „נישט צו פאַרגעסן דיך, ירושלים". און איז טאַקע קיין מאָל נישט פאַרגעסן געוואָרן.

און דאָך גייט ער אַוועק. דניאל ! ״אַ גזירה פון גאָט !״ — פאַרענטפערט ער זיך. אַ גזירה, אויף וועלכער מען טאָר נישט נאָכקלערן... כאָטש אין האַרצן בעט זיך עפּעס די ליכט פון קדושה : זע, דניאל ! פון ווייטע ימים און אָקעאַנען קומען ברידער ; און דו גאָר אַנטלויפסט ?

דעמאָלט שטעלט זיך דניאל אויפן סאַמע שפּיץ פון הר-הצופים, און וואַרפט וואַרעמע בליקן צו ירושלים. און דערמאָנט זיך דערביי, אַז אויך משה רבינו האָט בלויז פון ווייטן געזען דאָס לאַנד כנען, און אויב משה האָט נישט געהאַט די זכיה צו פרייען זיך צוזאַמען מיטן פאָלק אין אייגענעם לאַנד, פאַר וואָס דאַרף ער יאָ ? אַ גזירה מן השמים — טרייסט ער זיך. און נידערט גלייך אַראָפּ פון באַרג און שטעלט זיך מער נישט אָפּ, ביז ער גייט אַרויס פון שטאָט.

פאַמעלעך האָט דניאל געוואַנדערט איבער נייע וועגן, וועלכע האָבן זיך איינגעשניטן צווישן פעלדער מיט אויפגייענדיקע גרינסן. די בערג זענען וואָס ווייטער געוואָרן פלאַכער און די לופט איז אָנגעזאַפּט געוועזן מיט אַ ריח פון מאַראַנצן, וועלכע הענגען אויף די ביימער, ווי אָנגעפּילטע אייטערס מיט זאַפטן.

פון אַרום האָט זיך פאַרצויגן אַ מאָדנע שטילקייט, און האָט געגלעט דאָס געמיט פון איינזאַמען וואַנדערער, וועלכער האָט געשפּרייזט צווישן אַ רחבותדיקער ערד, וואָס ליגט ווי אויסגעהאָפטענע טעפּיכער אונטער אַ גין-גאָלדענער זון. אַ פרישן ווינטל האָט געוויגט ווייסע און רויטע רויזן,

וועלכע האָבן זיך יעדע פּאָר מינוט איבערגעטאָן אין אַנדערע זון-פֿאַרבן.

דניאל האָט געשפּרייזט אַ פּאַרטראַכטער און נישט באַמערקט אַפילו ווי ווייט ער איז שוין אַוועק פון דער שטאָט. דער טאָג האָט געהאַלטן ביים ענדע, און אַ פייכטער בין-השמשות האָט זיך פאַרצויגן איבערן לאַנד.

גיך האָט זיך דער הימל פאַרצויגן מיט אַ גרויקייט. צעריסענע וואָלקנס האָבן זיך וואָס אַ מאָל דערנענטערט, ביז זיי האָבן אַרומגענומען די צעשפּרייטע בערג מיט אַ געדיכטער פאַרע.

דניאל האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויפן פרייען פעלד, צווישן הימל און ערד. אַן איינזאַמער געשטאַנען צווישן גאָט און זיין וועלט. עס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַ בענקשאַפט צו מענטשן, און דערוויל אָנגעהויבן רעדן צו גאָט:

"צוזאַמען מיטן פאָלק האָב איך אין פיין פון יסורים אויסגעוואַרט די גאולה, און ווען כ'האָב שוין אויסגע-ווייטיקט דעם גרויסן טאָג, אַז די געבליבענע קענען ווידער אויפגיין צום אָרט, ווו עס איז געשטאַנען גאָטס הויז, ווערן ווידער טעג פון פרייד דורכגעפלאָכטן מיט טרערן.

וויפל עקידות פאַרלאַנגסטו נאָך גאָט פון אונדז... ווינ-ציק יצחקס האָבן אויסגעשטרעקט זייערע העלדזער?"

אַזוי איז דניאל לאַנג געשטאַנען, ביז עס איז געוואָרן שטאַרק פינצטער. ער האָט אַריינגעבליקט אין דער גע-דיכטקייט פון הימל און געהערט ווי ווינטיקע קולות באַ-הערשן די נאַכט.

זענען געגאַנגען טעג, ווען דניאל האָט געוואַנדערט

איבער פעלדער, דערפער און מושבים, ווי אַ נע ונדניק. ווו ער האָט געטאָגט, האָט ער נישט גענעכטיקט, און ווו ער האָט גענעכטיקט — נישט געטאָגט. זעלטן צו ווען אויסגערעדט אַ וואָרט און פון קיינעם גאָרנישט געבעטן.

גלייך מיט אים זענען אויך מיטגעגאַנגען די טעג, סיי ווען די זון האָט געשיינט מיט רחבותדיקייט, און סיי ווען דער הימל איז געווען פאַרטרויערט און זיך געטונקען אין געדיכטע וואָלקנס.

אָבער נאָך עטלעכע טעג האָט ער זיך פלוצלונג געפונען אין נייע אַנדערע ערטער, די ערד איז דאָרט געלעגן אַן אויסגעטריקנטע, פאַרברענטע און באַדעקטע מיט שטויב. ער האָט דערפילט מדבר!

דאָ זענען די טעג אויפגעגאַנגען לויטערע, אין די פאַר-נאַכטן האָבן זיך אויפגעהויבן שטאַרקע ווינטן מיט אַ שטויביקן זאַמד.

אַ מאָדנע שווערקייט האָט אָנגעהויבן דריקן אויף דניאלן, דעם משולח, ווי נאָר ער איז אַריין אין תחום פון מדבר, וואָס האָט אים צוריקגעפירט אויף יענע מדבר-וועגן, דורך וועלכע משה רבנו האָט געפירט די יידן אויף זייער וואַנדער-וועג.

און דאָך האָט איצט דניאל זיך געפילט בעסער און פרייער, ווי אין ירושלים, ווייל דאָ קען מען רעדן פריי... אַפילו מיט גאָט אַליין...

פלוצלונג האָט דניאל באַמערקט אַ באַרג, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן אין מיטן מדבר, אַ באַרג צווישן דער אויס-

געטריקנטער ערד, וועלכע קען דערציילן וועגן בראשית פון דער וועלט.

ראַפּטעם האָט זיך פאַרצויגן די מדבר-נאַכט. איבער אַ פאַרטונקלט לויטערן הימל האָבן געשטערנט מיליאָנען קליינע פונקען און פון אָפענעם מדבר האָבן, ווי שדים, פריי געבלאָזן ווינטן. דניאל האָט זיך אַרונטערגערוקט צו פוסנס פונעם באַרג און געציטערט פון קעלט, אָבער דאָך נישט געהאַט קיין חרטה.

דערנאָך האָט ער אַרויפגעצויגן אויף זיך נאָך אַ בגד, זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ פאַרשטויבטן שטיין, און באַלד האָט זיך אים פאָרגעשטעלט, ווי משה האָט דעמאָלט געגנידערט אויפן דאָזיקן באַרג און דאָס פאָלק פון ישראל איז גע-שטאַנען אין ציטערניש, בעת משה האָט געבראַכט די לוחות. אָבער נישט בלויז זיי האָבן געציטערט, נאָר אויך אַלע נשמות, וועלכע האָבן געדאַרפט געבוירן ווערן, זענען גע-שטאַנען אויפן באַרג און מקבל געווען די תורה.

שנעל איז אַרויס אַ נייער מאָרגנשטערן מיט אַ לויטערן פאַרטאָג. דער הימל האָט דאָ אויסגעזען נענטער ווי אומע-טום.

ווען דניאל האָט צעעפנט די אויגן האָט זיך אים נאָך אַ מאָל פאָרגעשטעלט, אַז אויך ער איז געשטאַנען הינטערן באַרג בעת מתן תורה... ער הערט נאָך דעם ווידער-קול פון יענע דונערן און בליצן, וועלכע האָבן באַגלייט דעם אַקט פון באַקומען די לוחות.

דניאל האָט זיך אומגעקוקט און האָט בולט דערזען דעם חלל, וועלכער פאַרבינדט הימל און ערד. אין דער

שטילער ליידיקייט האָט ער בעסער דערהערט דאָס קלאַפּן פון אייגענעם האַרץ, און ווידער געבעטן צו גאָט: "נעם כאָטש נישט אַוועק פון מיר דעם זכות צו זיין נאָענט נעבן דיר".

די אַרומיקע לופט איז געוועו אַ לויטערע און קילע. דניאל האָט אַרויפגעצויגן דעם טלית איבערן קאָפּ און נאָך אַ מאָל באַקוקט דעם באַרג, אויף וועלכן גאָט האָט אַראָפּגענידערט מיט די צען געבאָט.

צעריסענע וואָלקנס האָבן געבלאָנדזשעט אין חלל, אַרומגענומען דעם באַרג מיט אַ געדיכטער פאַרע, און אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז באַלד וועלן ווידער זיך איינ-זאַמלען די בני-ישראל אַרום דעם באַרג, אָבער נישט בלויז די לעבעדיקע, וועלכע אָטעמען מיטן ווידערגעבורט פון מלכות ישראל, נאָר אויך די מיליאָנען נשמות פון די אומ-געקומענע.

"זאָלן זיך איינזאַמלען די קינדער פון ישראל" — אָבער דערווייל געפינט ער זיך נאָך צווישן די אומגעקומענע...

דניאל האָט צעקנעפּלט די בגדים און אַרויסגעצויגן די צעריסענע שטיקער יריעות פון דער תורה, וועלכע די ציוויליזירטע וועלט האָט נישט באַוויזן אין גאַנצן צו פאַרניכטן, און אויסגערופן:

— גאָט פון אַברהם, יצחק און יעקב. אַ צעווייטיקטער שטיי איך פאַר דיר, אויפן זעלבן באַרג, ווו דו האָסט מיט טויזנטער יאָרן צוריק געגעבן די תורה און געשלאָסן דיין אייביקן בונד מיטן פאָלק פון ישראל.

אָבער פאַר די דאָזיקע צען געבאָט, וועלכע מיר האָבן

באַקומען אויפן דאָזיקן באַרג, און שפּעטער זיי געטראָגן איבער אַלע צייטן, אין צרות איבער געטאָס און קאַלך-אויוונס, האָבן מיר באַצאָלט מיט אַ סך חורבן און פּיין.

כאָטש דניאל האָט גערעדט דרייסט, האָט ער אָבער מורא געהאַט צו בליקן אין די הימלען. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מאַסן מענטשן דערנענטערן זיך פון אַלע זייטן, אָבער ער בלייבט אַלץ אָפּגעזונדערט, ווייל זיי פילן אַ מורא זיך צו דערנענטערן, ווי אַמאָל צו משה רבינו, בעת ער האָט געבראַכט די לוחות.

פון פוסטן אַרום האָבן זיך צעבלאָזן ווינטן. אַ שטויב האָט זיך געהויבן פון דער צעברענטער ערד, און עס האָבן אָפּגעהילכט אַזעלכע ווערטער, וועלכע זענען נאָך קיין מאָל נישט געהערט געוואָרן.

דניאל האָט אויפגעהויבן די שטיקער יריעות, אין וועלכע זייערע אותיות האָבן געפּערלט ווי מענטשלעכע טרערן און געזאָגט:

— זע בורא-עולם! ווי פון דיין תורה, וועלכע האָסט געגעבן צו לערנען מענטשן גוטס, פּערלען פאַרברענטע שטיקער, ווי גוטע מענטשן ווייטיקן אין שלעכטס און רשעים געניסן פון גוטס.

דערביי האָבן אַרום הימל זיך פאַרצויגן וואָלקנס. די זון האָט זיך באַהאַלטן, און עס האָט אויסגעזען, ווי די אומענדלעכע הימלען האָבן פאַרשלונגען אין זייערע אינגעווייד דעם געראַנגל צווישן מענטש און גאָט. אָבער דער משולח האָט נישט אָפּגעלאָזן און ווייטער גערעדט:

— איך, דניאל בן מנחם, קום מיט אַ שטורעם און טענות צו דיר, גאָט פון "אנוכי".

בעת די דאָזיקע ווערטער האָט דער הימל צעקראַכט מיט אַ רעש. עס האָט אָנגעהויבן שטאַרק דונערן און בליצן. אַ שטויב, ווי אַ רעגן, איז געפאַלן פון הימל, אַזש בערג האָבן געציטערט. אים האָט זיך פאָרגעשטעלט, אַז פונקען, ווי לעבעדיקע ווערזנס, וואָלטן אויסגעפולט דעם באַרג.

דער משולח איז געשטאַנען מיט צעעפנטע אויגן, אַ פאַרזונקענער אין אַנדערוועלטיקע מחשבות. און פלוצלונג האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן, ווי צוויי פייערדיקע פונ-קען:

"קען איך זאָגן, אַז גאָט איז גערעכט און זיין משפט איז גערעכט. אָבער ווו איז דיין משפט גערעכט, ווען שטראָפסט אַזוי צדיקים ווי רשעים; פייניקן זיך גוטע ווי שלעכטע; אומשולדיקע קינדער ווי דערוואַקסענע? אָ, ניין! ביסט נישט גערעכט, גאָט, אין דיין משפט".

אַרום האָט זיך פאַרשטאַרקט דער רעש; בליצן האָבן צעלויכטן דעם שטורעם, ווען דניאל האָט מיט די לעצטע כוחות אויפגעהויבן די שטיקער יריעות צום צעשטורעמטן הימל, האָט ערשט אָנגעהויבן פלייצן אַ געדיכטער רעגן, וועלכער האָט געשמיסן אָן אויפהער... ביז ער האָט אַרויס-געריסן פון דניאלס הענט די יריעות, וועלכע זענען נאַס דורכגעווייקטע אַראָפגעפאַלן. דאַן האָט ער זיך אַראָפגעבויגן און צוגעדעקט מיטן טלית די יריעות. און באַלד איז ער פאַרזונקען געוואָרן אין אַ מידן שלאָף.

לאַנג איז ער אַזוי געבליבן אין אַ פאַרחלשטן צושטאַנד,

נישט ווייסנדיק צי ער איז טויט, אָדער לעבעדיק. אים האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז ווידער האָט דער הימל זיך העל צע-שיינט. אַ שטאַרקע זון איז אַרויס פון די וואָלקנס. דאַן האָט דער מדבר זיך צעגרינט מיט גראָזן און ער אַליין, דניאל, גייט אַרויס פון זיין פאַרברענטער הויט.

דאַן שטעלט ער זיך אויף מיט באַנייטע כוחות, און הייבט אויף פון דער ערד צעפאַלענע יריעות, וועלכע ווערן פון שטיקער צוריק צונויפגעוואַקסן.

דניאל דערזעט, ווי פון צעגרינטע גראָזן, וועלכע זענען אויסגעוואַקסן אין מדבר, קומען אַרויס צעשמייכלטע קינ-דער און לויפן מיט אויסגעשטרעקטע הענטלעך צו דניאלן.

ער האָט זיך אויסגעגלייכט, זיי אַנטקעגן געלאָפן, און טאַקע דערפילט ווי ער ווערט אַרומגערינגלט מיט קינדער, וועלכע זינגען פריילעכע אַ לויב צום באַשעפער...

ווען דניאל איז אַרויף אויפן העכסטן אָרט פון באַרג האָט ער דערפילט שטראַלן פון ליכט, וועלכע האָבן זיך צע-שיינט... פונקט ווי גאָט וואָלט אַרויסגענומען אַלע זונען פון די הימלען און באַהערשט האָט ער דערהערט זיין אייגן קול:

"זיי געבענטשט, גאָט, אַלמעכטיקער, וואָס האָסט פון דאָס ניי כורת-ברית געווען מיט דיין פאָלק ישראל".

באַלד איז ער אַנידערגעפאַלן אין אַ טיפן שלאָף, ווי ער האָט ווידער דורכגעמאַכט זיינע אַלע פריערדיקע יאָרן.

# אויפגעלעבט

אַ שטילע נאַכט האָט זיך פאַרצויגן אין מדבר, איבער וועלכע עס האָט זיך אויסגעשפרייט אַ פאַרטונקלטער הימל, וואָס האָט געפינקלט מיט מיליאָנען דימענטן און געבליקט מיט הימלישער גאווה אויף דער פאַרברענטער ערד.

און צווישן דער פאַרשטילטער ליידיקייט האָבן זיך דורכגעשאָטנט עקרהדיקע בערג, וועלכע האָבן זיך געהויבן און גענידערט, איינגעהילטע אין מדבר-שטויב.

צו פוסנס אַזאַ באַרג איז געווען אויסגעלייגט דער קערפער פון דניאלן, וועלכער געדענקט אַליין נישט, ווי לאַנג דויערט עס דער פאַרשמאַכטער שלאָף אויף דער אויס-געטריקנטער ערד. די אברים זיינע זענען ווי אָפּגעשטאָרבן, נאָר בלויז דער מח ווייס, אַז ער ליגט הינטערן באַרג, אויף וועלכן גאָט האָט גענידערט מיט די לוחות, און איז דווקא צופרידן, וואָס אים איז באַשערט צוריק ברענגען זיין נשמה אויפן דאָזיקן באַרג, אָפּגעבן דעם באַשעפער וואָס ס׳געהערט צו אים, ווייל דער גוף זיינער לעבט דאָך שוין לאַנג נישט.

וואָס האָט ער, אייגנטלעך, נאָך צו טאָן אויף דער וועלט ? ער, דניאל, מיט זיין פאַרברענטן גוף און צעווייטיק-

טער נשמה? ער האָט טאַקע אַ שליחות: צו מאָנען! — מאָנט ער טאַקע, אָבער קיינער ענטפערט נישט.

און פונקט, ווען דניאל האָט דערוואַרט זיין יציאת-נשמה, אויפן זעלבן באַרג, פון וואַנען עס איז געקומען דער "אנוכי" — האָט פלוצלונג דער הימל זיך אַראָפּגעלאָזט נידעריק. אים דאַכט זיך, אַז אָט רירט אָן די דעק פון הימל — דעם שפּיץ באַרג, אונטער וועלכן דניאל ליגט אַ פאַר-שמאַכטער, און דערפילט, אַז ער שווימט גאָר אין אַ העל-בלויען טייך, פונקט ווי די פאַרב פון הימל. די סאַמעטענע וועלן גלעטן זיין קערפער מיט אַ ווייכקייט, און גלייך ווערן זיינע אברים אָנגעפילט מיט לעבן.

ווען ער כאַפּט זיך אויף פון לאַנגן שלאָף און דערזעט אַ לויטערן הימל — וווּנדערט ער זיך.

וואָס? ווידער אויפלעבן? צום וויפלטן מאָל שוין ווי-דער אַריינבלאָזן אַ נשמה... צו וואָס?

ווען ער גלייכט זיך אויס, דערפילט ער, ווי ער ציט זיך אַרויס פון זיין אָפּגעברענטער הויט. ער קריכט אַרויס, ווי פון אַן אָפּגעניצט מלבוש, און גייט אַרויס צו אַ באַ-נייט לעבן.

באַלד גייט אויף אַ נייער טאָג, ווען צווישן צעריסענע וואָלקנס קריכט אַרויס אַ גאָלדענע זון, וועלכע צעשפּרייט זיך איבערן פוסטן מדבר. און צווישן פאַרברענטער ערד און אַ צעשיינטן הימל שטייט ער, דניאל, ווי אַ ניי-געבוירענער, און בעט זיך ביי גאָט:

"אַז צו וואָס האָסטו מיך אויפגעלעבט, גאָט?! מיך,

דעם משולח פון חורבן ? צו וואָס ווידער קומען אין דעם נייעם לעבן מיט די בראַנד-ווונדן פון נעכטן ?".

און באַלד דערזעט ער, אַז ער איז אַרויס פון יענער הויט ; עס זענען אַראָפּ פאַרברענטע צייכנס, ער פילט זיך באַקרעפטיקט מיט אַזאַ שטאַרקייט, אַז ער איז געוואָרן פעיק זיך אַנטקעגן צו שטעלן אַלע, וועלכע גייען קעגן אים.

דער מדבר האָט געפאַרעט מיט אַ געדיכטער לופט, וועלכע האָט געשניטן די אויגן. דניאל האָט זיך דערזען אין דער ליידיקייט און דערפילט ווי עלנט, אָפּגעריסן ער איז פון דער וועלט, פון אַלעם וואָס אָטעמט מיט לעבן.

ווידער דערמאָנט ער זיך אין דער התחייבות, וואָס לעסטיקט אויף אים, זיינע פליכטן פאַר גאָט און פאָלק, מיט וועלכע ער איז צוזאַמען געפאַלן און זיך דערהויבן, מיט וועלכע ער איז געפייניקט און אויסגעלאַכט געוואָרן. אָבער איצט איז ער נישט בלויז קיין מאָנער, ווייל מען מאָנט אויך פון אים.

"דניאל ! ביסט אַ נביא אין צייטן פון גאולה !" — הערט ער ווי מען רופט.

אַז ער צעעפנט די אויגן דערפילט ער, ווי דאָס וואָלט געווען זיין ערשטער טאָג אין לעבן. דאַן נעמט ער זיך אָן מיט כח, באַפרייט זיך פון עצבות און הייבט אָן זינגען אויפן קול. דעמאָלט דאַכט זיך אים, אַז מענטשן זאַמלען זיך אַרום די בערג און פרייען זיך צוזאַמען.

אָבער גלייך כאַפּט ער זיך : "נאָך צו פרי" — רעדט ער צו זיך — "ווייל דער חורבן דויערט נאָך". דאַן דערזעט ער דורך דער לויטערקייט פון דער לופט, אַז שווערע טעג

גייען אַנטקעגן אים... און דער הימל איז מיט בלוט־טראָפּנס.

שטעלט זיך דניאל אַוועק אַנטקעגן הימל און שרייט אויס, ווי נישט מיט זיין קול:

„נאָך ווינציק חורבן, פּאָטער אין הימל! נאָך וויפל חורבנות דאַרף מען נאָך ציילן? שוין צום וויפלטן מאָל, ווי דער מלאך המות האָט געוואַרט אויף דער נשמה פון פּאָלק אין פּיין פון יסורים ביי פייערן און פלאַמען? צו וואָס, גאָט, האָסטו ווידער מיך אויפגעלעבט? אפשר דער־לעבן נאָך אַ חורבן?".

שטייט דער נביא אין פוסטן מדבר מיט טענות צום כביכול, און פּלוצלונג הערט ער, ווי אַ קול פון חלל צע־שניידט די שטילקייט. דרייט ער זיין בליק אין אַלע זייטן און זוכט פון וואַנען קומט דאָס קול. אָבער נישטאָ מער, ווי אַ שטילער הימל און פאַרברענטע ערד. און גלייך שלאָגט ווידער אָפּ דער עכאָ פון אַ בת־קול, וועלכער זאָגט אָן אַ טרייסט:

— מער וועט קיין חורבן נישט קומען אויף מיינע קינ־דער, מער וועט מען שוין נישט דאַרפן אויססוויינען דעם איכה, גיכער זאָל די וועלט אומקומען, איידער צעשטערן די פרייד פון מיין פּאָלק, וואָס גייט צו גאולה.

דערביי זעט דניאל, ווי אַ גרינקייט פּאַרציט זיך אין מדבר. איבער דער פאַרברענטער ערד גייט אויף אַ לעבן, גרינע גראָזן ציען זיך אַרויס פון שטויביקער ערד און מענטשן רינגלען אַרום דאָס אָרט. דניאל שטייט מיט די פאַרברענטע יריעות אין האַנט, וועלכע וואַקסן זיך פּלוצלונג צונויף און

ווערן ענלעך צו יענע לוחות, וועלכע משה האָט געבראַכט פאַרן פאָלק.

ווען עס איז אַוועק די זעונג, האָט דניאל זיך אויפגעכאַפּט, ווי נאָך אַ שווערן שלאָף... נאָך אַלץ געבלאָנדזשעט איבער גרענעצן צווישן חלום און וואָר, צווישן חזיון און ווירקלעכקייט, און דאָך האָט ער דערפילט אַן ענדערונג אין זיין נשמה, אַ פרישקייט אין קערפּער.

ער האָט אַראָפּגעשפּאַנט צו אַ פּוסט פלאַכלאַנד, וואָס איז געלעגן צווישן הימל און ערד. און כאָטש ער איז געגאַנגען אויף די זעלבע וועגן פון פריער, האָט אַלץ אויסגעזען ניי, ווי ער וואָלט עס נאָך קיין מאָל נישט באַטראַכט. אומבאַמערקט איז פאַר דניאלן דער מדבר אַנטרונען און גלייך שפּרייזט ער דורך צעגרינטע פעלדער, מיט באַפרוכבאַרטער ערד, וווּ מענטשן האָבן איינגעזאַמלט צייטיקע פרוכטן.

דניאל האָט דורכגעשניטן נייע ישובים, וועלכע זענען געוואָרן אָנגעפילט מיט מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי פרעמדע. אַ טייל זענען געווען שוואַרצע, ווי נעגערס, אַנדערע מיט אַ ברוינער הויט און האַרציקע בליקן. פרויען, ווי אינדיאַנערינס, אָנגעטאָן אין קרינאָלינעס, מיט אַרומגעוויקלטע שטיקער געבלימלטע שטאָפן.

אָבער זיי גייען דניאלן אַנטקעגן מיט אַ פרייד, ווי צו אַ אייגענעם, און רעדן צו אים אויף אומפאַרשטענדלעכע שפּראַכן, וועלכע ער האָט קיין מאָל נישט געהערט. דניאל שטעלט זיך אַוועק אַן אויסגעבענקטער, בליקט אין זייערע פנימער, הערט זיך איין צו זייערע רייד, וואָס ער פאַר-

שטייט נישט, אָבער אין זייער אומפאַרשטענדלעכקייט קלינגען אָפּ נאָענטע רייד.

״נביא, זיי באַגריסט !״.

פון אַרומיקע גאַסן קומען צו לויפן ייִנגלעך מיט שוואַרצע לאָקן און פינקלדיקע אויגן, ברוינע פּנימלעך, מיט ברייט צעשמייכלטע ליפּן... נידעריקע און הויכע, דיקע און אויסגעדאַרטע. זיי לויפן דרייסטע אַנטקעגן דניאלן און נעמען אים אַריין אין אַ ראָד, דרייען זיך מיט אים, אַז דער קאָפּ הייבט אים אָן שווינדלען, און באַלד צעגייט זיך אַ געזאַנג: ״דוד מלך ישראל חי וקיים״.

ערשט האָט דניאל דערפילט, ווי אַ ניי לעבן גייט אויף אין אים, פרישע בלוטן דרינגען אַריין אין זיינע אברים. דאָס בלוט ריזלט האַסטיק. די הויט אָטעמט מיט אַ פריש־קייט און די פיס זענען ביי אים געוואָרן לייכט, פונקט ווי אין דער יוגנט.

דאָס ערשטע מאָל זינט דעם חורבן, דערפילט דניאל, ווי דורך זיין ווען שפּאַרט פרייד... ווען פון קדושה טרייבן אים און ער ווייס אַפילו נישט וואַהין. אין צווישן דערמאָנט ער זיך ווידער אין די סכנות, וועלכע לויערן נאָך, און דערזעט מיט זיין בליק, ווי ווייטע אויסגעבענקטע ברידער פון פאָלק לעכצן צו דער גאולה.

ווען דניאל פאַרמאַכט די אויגן, דערזעט ער ווי פייערן רייסן זיך פון צעגרינטער ערד, אַ רויך שלאָגט פון פאַר־זייטע פעלדער, און ווידער פאַרגיסן מאַמעס טרערן.

נעמט דניאל זיין פאַרצערטן גוף, און גייט אַוועק אין אַ הייל צווישן אַ פוסטן פעלד, און ער שטעלט זיך אַוועק

צו תפילה. פליסן הייסע ווערטער מיט רחמים צום כביכול. אָבער דורך די פאַרמאַכטע אויגן גייען נישט אַוועק פייערן און רויך, וועלכע פאַרציען זיך פון די פעלדער.

"ווען וועט שוין קומען די שלווה... גאָט?" — פרעגט דניאל.

דערנאָך לייגט ער זיך אַוועק אין דער דאָזיקער הייל און וויל נישט אָפּטרעטן פון אָרט.

"זאָל איך ווידער גיין צו מיינע ברידער מיט נייע איוב-בשורות? ווידער אָנזאָגן אַ נייעם חורבן? ניין, גאָט! איך וועל מער נישט אַוועק פון דאַנען! בעסער שטאַרבן אין מדבר, איידער ברענגען אַזעלכע בשורות דעם פאָלק!"

און ווען דניאל ליגט אויף דער ערד און קלאָגט ביים חצות, צעשפּרייט זיך אַ זון, אַ גרינקייט פאַרציט זיך איבער די פעלדער, און אַלץ אַרום ווערט ווידער אָנגעפולט מיט לעבן. ס'ווערן אָפּגעשווענקט סימנים פון חורבן און מלח-מות. עס אַנטקומען סימנים פון טויט און מענטשן פון דער גאַנצער וועלט קומען אַהער, צו באַוווּנדערן דאָס אויפ-גייענדיקע לעבן אין נייעם לאַנד.

הייבט זיך אויף דער נביא און גייט שוין צווישן אַ פרייד, אָבער דאָך פילט ער קיין טרייסט, ווייל דורך צופיל פרייד פאַרגעסט מען דעם נעכטן, און ער וויל נישט מען זאָל אָפּמעקן די סימנים!

ווען דניאל האָט זיך אויפגעכאַפּט נאָכן חצות, איז שוין געהאַט אויפגעגאַנגען אַ נייער טאָג. אָבער פאַר דניאלן האָט אויסגעזען ווי נישט טאָג און נישט נאַכט. און נישט

געדענקט, צי זעט ער עס אין חזיון, אָדער אין דער ווירק-
לעכקייט ? ביז אַ קול האָט צו אים גערופן :

״דניאל ! ביסט געוואָרן אַ טייל פון געטלעכן סוד.
איצט גיי, און דערפיל דיין שליחות״.

ערשט דאַן האָט ער געפרעגט : ״אַ שליחות ? אָבער ווע-
מענס ? פון זיי דאָרטן, אָדער ברענגען אַ געטלעכן אָנזאָג
פון פאָלק ?״

״ביסט דער נביא פון חורבן און גאולה !״ — האָט
אַ בת-קול אין חלל גערופן.

# דאָס הויז פון גאָט

נאָך איידער די שטאָט איז געהאַט אַרויסגעשוווּמען פון פאַרטאָגיקן נעפּל, זענען שוין די גאַסן פון ירושלים געווען פול מיט מענטשן, וועלכע האָבן געאײַלט צו דער אַרבעט און דאַוונען. מאַסן האָבן געשפּאַנט פון ווייטע גאַסן און געסלעך, געשטופּט זיך דורך ברייטע טראָטואַרן, און דורכגענומען געוואָרן דורך אַ האַרבסטיקער זון, וועלכע האָט אַזוי געוואַרעמט, ווי אין מיטן זומער.

דורך שמאָלע דורכגענג-געסלעך האָבן זיך אויסגעמישט אַראַבישע הענדלערס מיט אויסלענדישע טוריסטן. בלינדע בעטלער און אייזלען מיט געפּעק. ישיבה-בחורים און נזירות. פרעמדע באַזוכערס האָבן זיך געדרייט נייגעריקע איבער די שמאָלע געסלעך, באַוווּנדערט די עקזאָטישע סחורות און צוזאַמען מיט אַ גרופּע ישיבה-בחורים זענען זיי אַראָפּ דורך די שטיינערנע טרעפּ צום כותל.

ווי אַלע טעג, איז דער פּלאַץ שוין אויך געווען אויסגעפּולט מיט מענטשן. האַרט ביי דער וואַנט זענען שוין געשטאַנען אַ גרופּע מענער און געזאָגט אַ תפילה מיט אַ צעצויגענעם ניגון, אַנדערע, האָבן זיך געשאָקלט מיט דביקות און אויסגעזונגען עפּעס אַ שירה צו גאָט.

צווישן דער צעפּלאַמטער מאַסע איז איצט דניאל

אַהערגעקומען ווי אַ פרעמדער. אַלץ האָט אים אויסגעזען אַנדערש ווי אַמאָל. אַ לאַנגע צייט איז ער נאָך געבליבן פאַר-טראַכט, געשטאַנען און גאָרנישט געבעטן. נישט מיטגעזונ-גען, נישט ער האָט זיך מיטגעפרייט. כאָטש ער איז מיט אַלע זיינע אברים פאַרכאַפּט מיטן אָנהייב פון דער גאולה.

זינט דניאל האָט זיך אומגעקערט פון מדבר, געפינט ער זיך נישט קיין אָרט. עס דריקט די שליחות, וועלכע ער טראָגט מיט זיך אויף אַלע זיינע וועגן, און אַזוי יעדן טאָג, יעדע שעה, און אַפילו יעדע מינוט. ער האָט אויך פריער זיך נישט אָפּגעשיידט פון זיין מיסיע, דאָך איז ער איצט געווען פול מיט התלהבות.

אין צווישן די דאָזיקע געדאַנקען האָט אַ יונגער חסיד אויסגערופן:

"קומט, יידן, לאָמיר אַנטקעגן גיין די גאולה!" — און גלייך האָבן זיך מענטשן צעוויגט אין דביקות.

ביי דער זייט שטייט דניאל אַ פאַרצערטער און טראַכט: "אפשר זענען עס שוין די לעצטע שעהען זיינע?" — אָבער אומגעריכט פאַרציט ער זיך מיט פרייד, וואָס ער געפינט זיך ווידער אין דער שטאָט פון דודן, וועלכע האָט אויפ-געשפּראָצט צו אַ באַנייט לעבן.

די מענטשן אַרום דער וואַנט האָבן דאָס מאָל אַפילו נישט געלייגט קיין אַכט אויף דעם מאָדנעם מאַן, וועלכער האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרצייטישער מקובל. אָבער קיינעם איז נישט איינגעפאַלן, אַז דאָס איז דניאל, דער פאַרשוווּנ-דענער נביא, וועגן וועלכן מען האָט געשמועסט, אַז ער האָט זיך אָפּגעזונדערט, לעבט אין די בערג, שפּרייזט איבער

די זאַמדן פון מדבר, און וועט פריער נישט צוריק קומען ביז וואַנען עס וועט קומען זיין צייט פון נגלה ווערן.

באַלד האָט דניאל דערוואַכט און איבערגעלאָזט די מענטשן אין מיטן תפילה און אַרויס פון פלאַץ ביים כותל, נישט אויסשפרייטנדיק זיין בליק אויף קיינעם.

פלוצלונג האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז ער הערט אַ קול:

— פילסטו נישט, נביא, די פרייד פון דער גאולה? הערסטו נישט דעם שופר של משיח? און אויב נישט איז אַ סימן, אַז גאָט האָט זיך פון דיר אָפּגעקערט.

שפרייזט דניאל אַ פאַרטראַכטער און טרייסט זיך אַליין:

— איך בין דער נביא פון פאַרפייניקטע, אַ שליח פון גרעסטן חורבן, וועלכער האָט פאַרלענדט מיליאָנען לעבנס — ווי נאָך איצט, קלינגט אין זיינע אויערן זייערע "אני מאמין באמונה שלימה".

גלייך צעעפנט ער זיינע אויגן מיט אַ מאָדנעם בליק, וועלכער האָט געשפראָצט ווי מיט פייער, און דערפילט, ווי ער ווערט אַרומגעכאַפּט מיט פלאַמען. ווידער באַרירט ער די שטיקער יריעות, באַהאַלטענע צווישן זיינע בגדים און פילט נישט דאָס פייער. שטעלט זיך אָפּ אַ ווײַלע און בליקט אויף די אַרומיקע בערג. דערהערט דעם רויש פון דער שטאָט, און פאַרנעמט זיך שפרייזן מיט שנעלע טריט.

ער מוז אַנטלויפן, אָפּשיידן זיך פון אַלעמען, אָפּטיילן זיך פון דער ערד, וועלכע ברענט אונטער זיינע פיס, אַנט-לויפן! אויסטאָן זיך פון זיין גוף און אַרויף צו די אומ-ענדלעכע הימלען, כדי זיך ווידער באַהעפטן מיט די, וועלכע

האָבן אים געשיקט. אָבער אין צווישן שטעלט ער זיך אָפּ, פאַרהאַלט זיך ביי עפּעס אַן אַלטער מויער, און שעפּטשעט ווי אין תפילה:

"ניין! אוממעגלעך פון דיר, גאָט, צו אַנטלויפן, ווייל אומעטום ביסטו! סיי אין שטאָט, צי אין דאָרף; אין ים, צי אין מדבר. אומעטום ביסטו, גאָט! סיי צווישן רויש, סיי אין דער שטילקייט. ביסט צווישן רייכע און אָרעמע; צווישן הונגעריקע און זאַטע. דו פורעמסט ליכט און שאַפסט פינצטערניש, שלאָגסט און העלפסט; אוממעגלעך זיך פון דיר, בורא-עולם, צו דערווייטערן. אָפּרוקן זיך אַפילו אויף אַ טריט, ווייל אומעטום ביסטו נעבן מיר, אין מיר און מיין יעדער אבר ווערט באַהויכט דורך דיין קראַפט.

און וויפל מאָל איך האָב שוין געוואָלט זיך פון דיר דערווייטערן, האָב איך דיך דערפילט אין יעדן אָטעם-צוג פון מיין נשמה. ווידער נידערט דיין שכינה צווישן די, וואָס זייען לעבן, וואָס שאַפן פרייד. שאַלן ווידער שופרות פון גאולה.

אָבער איך געהער דאָך נישט צו זיי, גאָט! איך בין באַפעסטיקט צו נשמות, אָפּגעריסענע פון דער ערד. בין אַ טייל פון יענע, וועלכע שוועבן אויף יסורימדיקע וועגן און אָטעמען מיט נעכטיקער פּיין..."

נאָך לאַנג איז דניאל געווען פאַרזונקען אין חזיונות און נישט באַמערקט, ווי צוזאַמען מיט דער זון, האָט אויך ער זיך באַוועגט צווישן בערג, באַגאָלדיקטע פון שקיעה-פאַרבן.

ער האָט זיך צוגעשאַרט צו אַ שמאָל געסל, זיך אַוועק־געזעצט אויף אַ שטיין, און זיך דערזען אין אַמאָליקן ירו־שלים, ווען מענטשן ברענגען מיט קרבנות, כדי זיך רייניקן פון זייערע זינד.

לאַנג איז ער אַזוי געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן, נאָך אַ מאָל איבערגעלעבט זיינע וואַנדערונגען און וואָגלענישן. זיך דערמאָנט אין חזיונות און געהערט קולות, וועלכע האָבן צו אים גערעדט... און ווידער דערמאָנט ער די פאַר־פייניקטע פון חורבן:

״מי ירחם עליהם?״ — פרעגט ער — ״ווער וועט זיך אויף זיי מרחם זיין?״.

אָבער אַנשטאָט אַן ענטפער, הערט ער ווי עס רעדט אַ קול:

״ביסט איינער פון די, וועלכע דאַרפן ברענגען בשורות פאַרן פאָלק... גיי מיט, דניאל, מיטן פאָלק צו דער גאולה און זאָג, אַז מער וועט שוין קיין חורבן נישט זיין״.

אויפן וועג צום באַרג פון ציון וועבט זיך אַ פאַרטונקל־טער בין־השמשות — נישט טאָג און נישט נאַכט... און דניאל באַוווּנדערט, ווי שטיל איז דאָ אַרום... פונקט ווי עס וואָלט אַנטלאָפן די זון, גייט ער אויף אַ לאַנגן וועג, וועלכער שלענגלט זיך צווישן בערג, קלויסטערס און אַלטע מויערן, וועלכע שטייען אָנגעזאַפּטע מיט טויזנטער יאָרן געשיכטע פון אויפשטייג און פאַלן, פון פרייד און ליידן. איצט באַ־גלייטן זיי די טריט פון דניאלן, דעם נביא פון דריטן חורבן.

פלוצלונג דערפילט דניאל ווי זיינע בלוטן הייבן אָן שטאַרקער ריזלען. די פיס האָבן זיך לייכטער געהויבן, און

פון זיין מויל האָט דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעפּלייצט אַ ניגון, וועלכער האָט זיך צעקלונגען צווישן שטילע בערג און אַלטע מויערן. און מיט דער דאָזיקער שירה האָט דניאל אַריבערגעטראָגן די טויערן פון הר-ציון.

# די בריק צו גאולה

אַ פאַסטאָראַלע שטילקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן באַרג פון ציון, און אויסגעשפּרייט זיך איבער אַלע געביידעס, צווישן וועמענס וועגט עס געפינט זיך דער קבר פון דודן, ווי אויך איבער די אַרומיקע קעלערן, וועלכע האָבן זיך פאַרקליידט מיטן זכר פון קדושים.

עפּעס אַ פאַרטונקלטע קדושה האָט דאָ אויסגעשפּרייט אירע פליגלען איבער אַלע ווענט, איבער אַלע וועגן און דורכגענג, ווו מען הערט זיך נאָר צו, שטראַלט אַנטקעגן אַ "יזכור"!

אין מרתף השואה איז אויך אין זוניקע טעג שטיל און טונקל. פון מאָל צו מאָל האָט זיך אַפילו יאָ ווער באַוויזן, אַדורכגעגאַנגען די קעלערן, געלייענט די נעמען פון פאַר־פייניקטע קהילות, אַ ווײַלע זיך אַוועקגעשטעלט מיט אַ צעבראָכן האַרץ נעבן אָנדענק פון קדושים און אַרויס אויף דער צווייטער זייט.

צוערשט איז דניאל שטיין געבליבן ביי די איינגאַנגס־טרעפּ, אַראָפּגעצויגן די שיך און אַרומגעהילט זיך מיט אַ טלית איבערן קערפּער. פאַמעלעך האָט ער געמאַכט אַ פּאָר טריט. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אַ שוואַרצער וואַנט, איבער וועלכער עס האָבן געטריפט יזכור־

ליכט. אַרויסגעצויגן די שטיקער יריעות, וועלכער ער פירט מיט זיך זינט דעם חורבן, און צוגענאָגלט זיי הינטער דער וואַנט, וואָס איז געווען פאַרטריפט מיט חלב.

ערשט דערפילט דניאל, ווי דאָ מישט זיך לעבן מיט טויט. ווי שטיקער פון געוועזענע לעבנס שוועבן צווישן קעלערן, אין וועלכע צאַנקנדיקע ליכט טריפן מיט צער.

מענטשן שטייען פאַרשטומטע און גלאָצן מיט אומעטיקן בליק... אָבער באַלד גייען זיי ווידער אַוועק צום רויש פון לעבן און באַמערקן גאָר נישט, ווי צווישן פליגלען פון טויט שאָקלט זיך אַ שאָטן פון דניאלן, וועלכער מורמלט שטיל:

„גאָט! נעם מיך אַריין אין דאָזיקן היכל, ווו ס'זענען צונויפגעזאַמלט די יסורים פון פאַרפייניקטן פאָלק“.

און באַלד האָט דאָס קול פון דניאלן צעריסן די שטיל-קייט:

„יזכור!... געדנעק, גאָט, אין גרעסטן חורבן פון דיין אויסגעמאַטערט פאָלק! פון צווייטן חורבן איז פאַרבליבן אַ וואַנט... אָבער נאָכן דריטן חורבן פעלן שוין אויך ווענט אויסצוקריצן נעמען פון די אומגעבראַכטע קהילות“.

שטייט דניאל אַ פאַרטרויערטער, אין צער, און איז זיך מתייחד מיט די קדושים, מיט יריעות און טליתים... מיט אַלעם וואָס האָט אַמאָל געלעבט. איצט טריפט אַלץ מיט אָפּשיין פון יזכור-ליכט...

צווישן אַ שטילקייט האָט אָפּגעשלאָגן דאָס קול פון דניאלן און זיך צעגאַנגען איבער די שמאָלע קעלערן, איבער פינצטער-פאַרטרויערטע ווענט, וועלכע האָבן דערהערט דאָס קול פון זייער נביא, וועלכער האָט געזאָגט:

״שטיל און ליידיק איז דאָ ביים קבר פון חורבן. קומט אַראָפּ פון די ווענט, ברידער קדושים, קריכט אַרויס פון די היילן, פון די בערגער אַש... זאַמלט זיך איין מענער, פרויען און קינדער״.

צאַנקען די ליכט, ווי אין קראַמפּן, שאָקלען זיך צוזאַמען מיט שוואַרצע שאָטנס. אַלץ וווייקט זיך דאָ אין שטילקייט, ביז דניאל שטעלט זיך אַוועק, ווי צו אַ תפילה.

״אַפילו נאָכן טויט האָסטו אויך, גאָט, זיך אָפּגעטאָן פון זיי... ווייל דאָרטן ביי דער וואַנט פון צווייטן חורבן וויינט די שכינה... דאָרטן ביים כותל שלאָגן אָפּ וועלן פון קדושה, און עס רוישט מיט גאולה. אָבער פאַר זיי דאָ, ביסטו אויך איצט פאַרשוווּנדן״.

ווען דניאל איז, אַ פאַרטראָגענער אין תפילה, פאַרמאַטערט מיט טענות, דערגאַנגען ביז צו די טרעפּ, וועלכע הייבן זיך פון מרתף השואה, האָט ער דערהערט אַ קול:

״גיי, דניאל, און זאָג, אַז מער וועט אויף מיין פאָלק קיין חורבן נישט קומען! ביסט נישט גערעכט, נביא, אַז די שכינה האָט זיך אָפּגעטאָן פון די פאַרפייניקטע. אַלס צייכן דערפון, גיי און זאָג צו די עלטסטע פון פאָלק, אַז דאָס הויז פון גאָט זאָל מען אויפבויען אויפן הר-ציון, נעבן די קעלערן פון די, מיט וועלכע זייער גאָט וויל אייביק צוזאַמען וווינען.

גיי זאָג זיי, דניאל, אַז איבער די קעלערן פון חורבן זאָלן אויפגעהויבן ווערן די פונדאַמענטן פון גאָטס הויז, ווּ אַהין וועלן קומען די קינדער פון ישראל בעטן צו זייער גאָט און מתוודה זיין זיך פאַר זייערע זינד...״

דניאל איז שטאַרק איבערגענומען געוואָרן מיט דעם קול, וואָס ער האָט געהערט, און פאַרטראָגן געוואָרן אין אַ חזיון: דאָס דריטע הויז פון גאָט איז אויפגעהויבן געוואָרן אויפן באַרג פון ציון, איבער די קעלערן פון דער שואה, און אַהין קומען יידן פון אומעטום בעטן צו גאָט.

צווישן דעם טרויער האָבן זיך גאָר פאַר דניאלן צעשיינט זוניקע הימלען, מיט צעגאָלדיקטע שטראַלן, וועלכע האָבן באַלויכטן אַ פּרעכטיקן טעמפּל, וואָס האָט זיך אַרויסגעהויבן אויפן דאָזיקן אָרט, אַרומגערינגלט מיט גאָלדענע טורעמס פון פיר זייטן, מאַסיווע ווענט און געשניצטע טויערן. און דער אַריינגאַנג צום בית-המקדש איז אָפן פאַר געקומענע פון אומעטום, וועלכע ווערן באַגעגנט דורך אַ שאַלן פון שופרות.

שפּעטער זעט ער אויך, ווי ביים כותל איז פול מיט מענטשן, וועלכע טוען תפילה, וואַרפן קוויטלעך, און דערנאָך גייען זיי דורך אַ לאַנגער בריק, וועלכע פאַראייניקט דעם הר-המוריה מיטן באַרג פון ציון, צום אויפגעבויטן בית-המקדש. און דניאל הערט, ווי עס רעדט אַ קול מיט אַ ווייכער שטים:

"און דאָס וועט זיין די בריק, וועלכע וועט פאַראייניקן דעם זכר פון חורבן בית-שני מיטן חורבן השלישי... גיי, דניאל! צוזאַמען מיטן פאָלק צו דער גאולה שלימה".

*

ווען דניאל האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיינע זעונגען איז שוין געווען פינצטער און ליידיק. ער האָט זיך גענומען גיין אין דער ריכטונג צו דער שטאָט, אָבער ער האָט געפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן אים. ער האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן און צוריק געגאַנגען צום מרתף-השואה, און שוין דאָרט פאַרבליבן איבער נאַכט. אָבער זינט דאַן איז דניאל אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. כאָטש דאָ און דאָרטן האָט מען געטראָפן אַ מענטשן, וועלכער איז ענלעך געווען צום נביא דניאל, אָבער קיינער האָט אויף זיכער נישט געוווּסט, ווו ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן.

אינהאַלט :

